מרדכי קראָשניץ

# דורות

ארויסגעגעבן פון דער חיפהער אָפּטיילונג
פון יידישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל

פארלאג חיפה

תש״ל — 1969

# א בוים איז געפאלן

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין שווער,
ר׳ יהושע-יעקב פּייווישעוויטש, ז״ל.

פיר גאַסן, אַ פּאָר געסעלעך, אַ מאַרק-פּלאַץ מיט קראָמען, איין לאַנגע גאַס, וואו ס׳וואוינען די גויים און דער ניעמאַן, וואָס וויקלט זיך צופוסנס דעם שולהויף, פון דעם באַשטייט דאָס שטעטל.

מען דאַרף נאָך צוגעבן די מיל אין איין עק פונעם שטעטל און רב׳ חיים-משה׳ס טאַרטאַק ביים ברעג ניעמאַן, אינעם אַנדער עק שטעטל, וואָס הייבט זיך איבער די הייזער מיטן לאַנגן, שוואַרצן, זיך רויכערנדיקן קוימען. אַ גאַנצן טאָג רוישן דאָ די גאַטערס וועלכע בייסן מיט זייערע שאַרפע ציין די קלעצער, צעזעגן זיי אויף פאַרשיידענע מינים געהילץ, וואָס ווערט "בראַקירט" און צעשיקט אין מרחקים מיט דער קלייבאַן.

דעם אויבנאָן אין שטעטל פאַרנעמט די שלאָס-גאַס. זי ליגט שטענדיק אָן אויסגעפּוצטע און אַ ריין-פאַרקערטע. די גאַס גרייסט זיך מיטן שיינעם גאָרטן ביים קלויסטער, מיט אירע בייע, שיינע הייזער, מיט די קאַשטאַן-ביימער און מיט דעם צוויי-שטאָקיקן מויער, וואָס געהערט צו רב׳ חיים-משה׳ן, דעם ראש-הקהל און דעם חשובסטן בעל-הבית אין שטעטל.

רב׳ חיים-משה, אַ הייכער, אַ שלאַנקער, אַ הדרת-פּנימדיקער, איז אַ גרויסער גביר און דערצו אַ גרויסער גיבור. אויף זיין — פון זון און ווינטן — אָפּגעברענטן פּנים רוט כסדר אַ גוטמוטיקער שמייכל און זיין באָרד ווערט בכלל ניט גרוי, גלייך ווי ער וואָלט נאָך געווען אַ יונגערמאַנטשיק, כאָטש ער איז שוין אינמיטן פון די זעכציקער און איז אַ זיידע פון דערוואַקסענע אייניקלעך.

רב׳ חיים-משה איז שוין איבער צוואַנציק יאָר אַן אַלמן. זיין ווייב, רבקה, איז אים פּלוצלינג פאַרשלאָפט געוואָרן און נאָך איידער מען האָט באַוויזן צו ברענגען דעם דאָקטאָר איז שוין געווען נאָך אַלעמען. אַז ס׳איז אַריבער אַ יאָר האָט די משפּחה, און אַפילו די אייגענע קינדער, גענומען אים צוריידן, אַז ער זאָל אַ צווייט מאָל חתונה האָבן. אויך שדכנים זיינען געקומען און אים אפילו פאַרגעלייגט אַ בתולה מיט קנאַפּע צוואַנציק יאָר יינגער פון אים. ער פלעגט

זיי אויסהערן, באַטראַכטן מיט זיינע ברוינע, קלוגע אויגן, ווי ער וואָלט זיי געפרעגט: ״נו שוין געענדיקט?״ און באַלד טאָקע פלעגט ער מיט אַ ביטולדיקער באַוועגונג מיט דער האַנט איבעררייסן דעם שמועס, זיך אויפהייבן פון אָרט און אַריינגיין אין שלאָפצימער, וואו ער פלעגט בלייבן זיצן אַ פאַרזונ-קענער אין רעיונות. דאָס פלעגט ער אַזוי, אין געדאַנק, זיך דורכשמועסן מיט רבקה׳ן, עליה השלום, און דאָס פלעגט אים געבן כוחות אָפּצושלאָגן אַלע רייד און אָנבאָטן וועגן נעמען אַ צווייט ווייב.

רב׳ חיים-משה פאַרנעמט זיך זיין גאַנצן לעבן מיטן מסחר פון האָלץ. געבוירן און זיך אויפגעהאָדעוועט ביי אַ טאַטן, אַ וואַלד-סוחר, איז ער פון זיינע פריסטע קינדער-יאָרן געווען פאַרבונדן מיטן וואַלד און מיטן רייכן, גוט פאַרפונדעוועטן, האָלץ-מסחר. נאָכן טאַטנס טויט האָט ער איבערגענומען בירושה דעם מסחר, אים אויסגעברייטערט און פאַרגרעסערט. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען דאָס לעבן האָט זיך נאָרמאַליזירט האָט ער אויפגעבויט דעם גרויסן טאַרטאַק, מיט די פיר גאַטערס און אַן עלעקטרישע סטאַנציע, וואָס האָט באַלויכטן דאָס גאַנצע שטעטל. ער האָט ביי די פריצים און באַזונדערס ביים פוילישן גראַף מירסקי אָפּגעקויפט די וועלדער, וועלכע מען האָט אויס שוין זינט יאָרן און אַ גאַנצן זומער טרייבן פליטניקעס, — געזונטע, באָרוועסע גוים, די פליטן איבערן ניעמאַן צו רב׳ חיים-משה׳ס טאַרטאַק. די גוים וואַשעווען אַרויס די קלעצער פונעם וואַסער, שרייען, שילטן אין דער מאַמען און די קופּעס קלעצער וואַקסן אין דער הייך, וואַרטנדיק אויף זייער ריי איינגעשלונגען צו ווערן פון די שטענדיק הונגעריקע גאַטער-פּיסקעס.

רב׳ חיים-משה געפינט זיך אין אַזעלכע טעג ביים ברעג פון טייך; ער גיט די אַרבעטער אָנווייזונגען, מונטערט זיי אונטער, גיט זיך גוטמוטיק אַ בייזער און ווען ס׳איז נייטיק, לייגט אויך צו אַ האַנט. די זין און איידעמס בעטן זיך ביי אים: ״טאַטע לאָז אָפּ, ס׳איז ניט פאַר דיינע כוחות״, נאָר ווער הערט זיי דען? די קינדער וויבקען זיך איבער איינער מיטן אַנדערן, וואָס דאָס באַדייט: ״ער איז, אַן עין הרע, שטאַרקער פון אונדז און ס׳וועט אים חלילה ניט שאַטן״.

אין די ייִנגערע יאָרן זיינע האָט רב׳ חיים-משה די מערסטע צייט זיך געפונען אין די וועלדער, וואו ער האָט אַכטונג געגעבן אויפן האַקן די ביימער. ער פלעגט אָנווייזן וועלכע ביימער אויסצוהאַקן, ווי אַזוי זיי צו סאָרטירן, וועלכע פליטן אָפּצושיקן אין מרחקים און וועלכע אויף געהילץ אינעם אייגענעם טאַרטאַק.

אין יענע יאָרן פלעגט ער צוזאַמען מיט די האָלצהעקער טרינקען ריינעם ספּירט, אויך אַליין-געמאַכטן פויערישן סאַמאַגאָן, פאַרבייסן מיט שוואַרצן, אַליין-געבאַקטן, קאָרן-ברויט, מיט ציבעלע און הערינג. אין די נעכט פלעגט ער אָפּטמאָל שלאָפן צוזאַמען מיט די פליטניקעס, אין די פון צווייגן צוזאַמענגע-

קלאַפּטעביידלעך אויף די פּליטן, צוהערן זיך צו זייערע טרויעריקע לידער, און ניט איינמאָל פלעגט זיך אַריינגיסן זיין אייגענער טענאָר אין זייער געזאַנג.

ווען די קינדער זיינען גרויס געוואָרן, חתונה-געהאַט און אַריין אין שותפות מיטן טאַטן, האָט ער די אַרבעט אין וואַלד איבערגעלאָזט פאַר זיי און פאַר די געדונגענע בראַקערס. ער אַליין האָט אָנגעפירט מיט די געשעפטן אין שטעטל; געפירט ביד-חזקה דעם טאַרטאַק; געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די האָלץ-סוחרים מעבר לגבול, און אין די פרייע שעה׳ן זיך אָפּגעגעבן מיט קהלשע ענינים.

אַז קהל האָט געדאַרפט אַ נייעם מרחץ און אַ מקוה האָט ער געגעבן דאָס געהילץ און אויך באַצאָלט די טעסלערס פאַר זייער אַרבעט. ווינטער האָט ער געגעבן האָלץ אויף צו באַהייצן אַלע דריי בתי-מדרשים, פאַרן רב, פאַרן חזן, פאַר דער ״תרבות״-שול און פאַר סתם אָרעמעלייט, וועלכע האָבן ניט געהאַט די נייטיקע פּרוטה צו באַצאָלן פאַרן האָלץ. אויך אָרעמע שטעטלשע גויים האָט ער באַזאָרגט מיט האָלץ אויף ווינטער און זיי האָבן אים ליב געהאַט ניט ווייניקער ווי די יידן אין שטעטל.

מערער פון אַלע זיינע קינדער, שניר, איידעמס און אייניקלעך האָט רב׳ חיים-משה ליב געהאַט זיין אייניקל רבקה׳לע, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אַ יאָר נאָך רבקה׳ס טויט. זי איז אויך געווען ענלעך צו איר: אַ הייכע, און אַ שלאַנקע ווי אַ יונג סאָסנעלע. שוואַרצע האָר, פאַרפלאָכטן אין אַ דיקן צאָפּ, האָבן באַדעקט איר קאָפּ און גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן צניעותדיק פרום אַרויסגעקוקט פון איר לענגלעכן, בלייכן פּנימל.

ווען רבקה׳לע איז מיט מזל אַלט געוואָרן ניינצן יאָר האָט מען איר חתונה געמאַכט. ס׳איז געווען מוצאי-שבת, נחמו, אַ קורצע צייט פאַר דער שרעקלעכער מלחמה, אָבער קיינער האָט ניט געאַנט וואָס עס דערוואַרט די יידן. אין שטעטל איז דעם שבת געווען אַ יום-טוב. אַלע יידן און אַפילו גויים האָבן זיך געפרייט מיט דער גרויסער שמחה.

די גאַסן וואָס פירן צום שולהויף זיינען אילומינירט געוואָרן מיט קאָלירטע עלעקטרישע לעמפּלעך, אַזוי אויך די דרויסנדיקע ווענט פון די בתי-מדרשים אויפן שולהויף. אין גרויסן זאַל פון חיים-משה׳ס שטוב, וואו די כלה איז געזעסן, האָט אַ בדחן געמאַכט ווייבען די ווייבער, און צייטלינס קאַפּעליע קלעזמער, אַראָפּגעבראַכט פון דער קרייז-שטאָט, האָט געשפּילט ״מאַראַלישע״ ניגונים, וואָס האָבן אַרויסגערופן טרערן, אַפילו ביי די מענער.

נאָכן באַדעקנס האָט מען חתן-כלה געפירט צו דער חופּה אויפן שולהויף. די חתונה-פּראָצעסיע האָט געעירט פון אָרט. פאַראויס זיינען געגאַנגען די קלעזמער און זייער שפּילן האָט פאַרהילכט די גאַס. דערנאָך איז געגאַנגען דער חתן, — אַ הייכער, אַ ברייטפּלייציקער, אַ שיינער און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן

שעמעוודיקן בליק. ער איז געפירט געוואָרן פוןביידע טאַטעס און באַגלייט פון זיין משפחה. נאָכדעם האָבן די מאַמעס געפירט די כלה ; זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנג, ווייס קלייד, וואָס האָט זיך געשלעפט איבער דער ערד און דאָס פנים באַדעקט מיט אַ ווייסן, דורכזיכטיקן וואוּאַל פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעבליקט אירע שוואַרצע, אַביסל צעשראָקענע, אויגן.

רב׳ חיים-משה איז געגאַנגען באַלד הינטער דעם חתן און די פרייד האָט פון אים געשלאָגן ווי מיט פייער. ער האָט אונטערגעטאַנצט גייענדיק, צוגעקלאַפּט מיט די פינגער צום טאַקט פון דער מוזיק און כסדר אַרומגעכאַפּט קושן עמיצן פון זיינע קינדער.

נאָך דער חופה, ווען רבקה׳לע איז אַ גליקלעכע און אַ פאַרטרערטע אַריינ-געפאַלן אין זיידנס אָרעמס און אים אַרומגעכאַפּט קושן, האָט ער איר צוגעטראָגן זיין דרשה-געשאַנק, — אַ פּאָר גאָלדענע אויערינגלעך אין וועלכע עס זיינען געוואָרן אַריינגעפּאַסט צוויי גרויסע ברילִיאַנטן, וואָס האָבן אַרויסגעשטראַלט אַ וואַרעמע ליכטיקייט און כישוף פון פאַרבן, וועלכע ליגן באַהאַלטן אין זייערע ניט-זעבאַרע אָדערן.

אונטן, אינעם גאָלד, זיינען געווען אויסגעקריצט מיט יידישע אותיות אַ ריש און אַ למד, די איניציאַלן פון רבקה׳לע ליבערמאַן, חיים-משה׳ס פאַמיליע-נאָמען, וועלכן ס׳האָט געטראָגן זיין אייניקל ביז צו איר חתונה.



פרייטיק, דער ערשטער סעפּטעמבער, 1939 :

דער ראַדיאָ האָט מודיע געווען, אַז היטלערס נאַצי-אַרמיי איז באַפאַלן פוילן, און אויף דער פוילישער ערד קומען פאָר בלוטיקע קאַמפן. ס׳איז געווען די התחלה פון דער שרעקלעכער, צווייטער וועלט-מלחמה.

יענעם שבת האָט זיך אָפּגעטאָן די מנוחה און די פרייד פון די יידן אין שטעטל, ווי אין אַלע אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן. דער פחד פאַרן אומבאַוואוסטן וואָס דערוואַרט די יידן האָט ניט אָפּגעלאָזט. אין די בתי-מדרשים האָט מען געפירט "סטראַטעגישע" שמועסן, באַוויזן, שוואַרץ אויף ווייס, אַז אויב ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלן קומען צו הילף פוילן, וועט זיך היטלער האַלטן ניט מער ווי איין חודש, העכסטנס צוויי חדשים, און ער וועט ברעכן האַלדז און נאַקן.

דער עלטערער דור האָט געוואָלט הערן רב׳ חיים-משה׳ס מיינונג וועגן דעם מצב ; ער איז דאָך אַזויפיל מאָל געווען אין אויסלאַנד, אפילו אין דייטשלאַנד, ערב היטלערס קומען צו דער מאַכט, און ער פאַרשטייט אין פּאָליטיק. דערצו האָט ער אַ ראַדיאָ און הערט וואָס מען רעדט וועגן דעם אין אויסלאַנד.

רב׳ חיים-משה האָט בנעימותדיק אויסגעהערט דעם עולם און גאַנץ רואיק געענטפערט:

— וואָס קען איך אייך זאָגן וועגן די דרכים פונעם אייבערשטן? ער האָט דאָך אונדזער פאָלק אָפּגעהיט אַזויפיל יאָרן, טאָ לאָמיר האָבן בטחון, אַז ער וועט אונדז אויך איצטער ניט פאַרלאָזן. לאָמיר מתפלל זיין מיט אַ ריין האַרץ און, חלילה, ניט פאַרשטערן זיך אַליין דעם הייליקן שבת.

אויסגעהערט די תשובה פון זייער ראש-הקהל האָבן זיך די יידן באַרואיקט און מיט גרויס כוונה ממשיך געווען די תפילות, פאַרלאָזנדיק זיך אינגאַנצן אויף אים, — וואָס זיצט אין די הימלען און פירט פון דאָרט זיין וועלט.

עס זיינען אַריבער מער ווי צוויי וואָכן און די מלחמה איז פאַרן שטעטל דערווייל נאָר אַ וויטער באַגריף, — אַהער האָט זי נאָך ניט דערגרייכט. קיין צייטונגען קומען שוין ניט אָן; די ידיעות אין ראַדיאָ זיינען מבולבל, — מען קען ניט דערגיין פון זיי דעם אמת. דער דייטש גייט פאַראויס, זייט טויט און חורבן, און אין שטעטל גלויבט מען אַלץ אין זיין גיכער מפּלה; ס׳איז עפּעס אַ קלייניקייט, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך קעמפן אויך קעגן אים! דערווייל גייט זיך דאָס לעבן נאָרמאַל, כמעט אָן קיין שום ענדערונג.

פלוצלינג — אַ צערודערונג אין שטעטל! די פּאָליציי אַנטלויפט אין גרויס פּאַניק, באַווייזט אַפילו ניט צו פאַרברענען די דאָקומענטן. אַ פּאָליציאַנט פאַר-טרויט אַ סוד, אַז די רויטע אַרמיי דערנעענטערט זיך. די ידיעה צעציטערט די הערצער, מען פאַרכליניעט זיך ממש פון פרייד: ס׳איז געקומען אַ סוף צו דער פאַרהאַסטער פּוילישער, אַנטיסעמיטישער הערשאַפט; און דער עיקר, אַ סוף צו דער מלחמה.

און אָט זיינען זיי דאָ. סך-הכל אַ פּאָר מונדירטע לייט, אין לאַנגע, גרויע שינעלן, היטלען מיט רויטע פּאַסן, גרויסע שווערע שטיוול און די פּנימער — כולו שמייכל. מען כאַפּט זיך מיט זיי אַרום, מען קושט זיך. די יוגנט טרעט ניט אָפּ פון זיי, שלינגט דורשטיק אַלץ וואָס זיי דערציילן. און זיי, די מונדירטע, הערן ניט אויף צו דערציילן און שילדערן דעם גליקלעכן סאָוועטישן לעבן. די אויגן גליען, די פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך: — סאַראַ פּרעכטיקע צייט עס איז איצט געקומען פאַר אַלעמען, און דער עיקר טאָקע, — פאַר דער יוגנט.

אין גרויסן בית-המדרש קומט פאָר אַ מיטינג, — יידן און גויים צוזאַמען. אַ פאָרשטייער פון דער נייער מאַכט רופט צו פאַרברידערונג צווישן יידן און ניט-יידן; ער דערציילט וועגן סטאַלינישן גן-עדן, און פאַרענדיקט מיט אַ הוראַ! אויסגעשריי פאַרן "טאַטן פון די פעלקער" — יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין.

— הוראַ! הוראַ! הילכט אָפּ אַן ענטפער צווישן די ווענט פון שול. די ספרי-תורה אין אָרון-קודש וועקן זיך פון זייער רו: — ווער שרייט עס אַזוי

אין אַ מקום קודש? די שויבן אין די פענצטער ציטערן און די געשניצטע כרובים איבערן אָרון-קודש, דאַכט זיך אַז זיי קורטשען זיך איין, ווערן קלענער אונטער אַזויפיל שטעכיקע גוייִשע בליקן.

צוויי טעג נאָכן מיטינג איז איינער פון די מונדירטע געקומען אין טאַרטאַק און ניט פרעגנדיק ביי קיינעם אַריין אין רב׳ חיים-משה׳ס צימער, זיך ברייט אַוועקגעזעצט אויף חיים-משה׳ס אָרט און באַפוילן אַריינרופן דעם "סטאָריק", וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אויפן פּלאַץ, צווישן געהילץ.

ווען רב׳ חיים-משה איז אַריין און האָט באַגריסט דעם גאַסט, האָט דער מונדירטער אַפילו ניט געענטפערט אויף זיין באַגריסונג, און בלייבנדיק זיצן אויף אַן אָרט שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— אַזוי, דאָס ביסטו דער געוועזענער "כאַזאַין" פון טאַרטאַק? נו, גענוג געווען אַ פּאַראַזיט, — אַ פּיאַווקע און גענוג געזויגן דאָס בלוט פון דיינע אַרבעטער! סטופּאַי אַלטער, און מער זאָל דיין פוס דאָ ניט זיין!

רב חיים-משה האָט מיט קיין וואָרט ניט געענטפערט. ער האָט דעם מונדירטן צוגעוואָרפן די שליסלען, אינאיינעם מיט אַ גוטן-טאָג, אַ קוש געטאָן די מזוזה און וואַרפנדיק אַ בליק אויפן טאַרטאַק, ווי ער וואָלט זיך מיט אים געזעגנט, איז ער אַוועק צו זיך אַהיים.

— — — — — — — — — — — — — —

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, אין די גרויסע פּרעסט פון טויזנט-ניין-הונדערט-פערציקסטן יאָר, איז רב׳ חיים-משה געזעסן איינגעקוועטשט אין אַ לאַסט-וואַגאָן צווישן יידן און גויים.

אינמיטן נאַכט האָבן מונדירטע ענקאַוועדע-לייט זיך אַריינגעריסן אין שטוב, אַרויסגעשלעפּט פון בעט און מען האָט אים אַוועקגענומען פון דער משפּחה. ער האָט קוים באַוויזן מיטצונעמען אַ קליין פּעקעלע זאַכן, דעם טלית מיט די תפילין און אַפילו רעכט זיך ניט געזעגנט מיט די וויינענדיקע קינדער. די ענקאַוועדעניקעס האָבן צוגעאיילט, ברוטאַל אָפּגעריסן פון די קינדער און אַרויסגעשטופּט פון שטוב; זיי האָבן נאָך געהאַט אַ סך "וויזיטן" אָפּצושטאַטן די נאַכט און יעדע מינוט איז ביי זיי געווען טייער.

צומאַרגנס האָט שוין דער עשאַלאָן מיט די אַרעסטירטע, געשלעפּט פון אַ שווער-סאָפּעדיקן, גרויסן לאָקאָמאָטיוו — אַ "פּעדיע" — זיך געטראָגן איבער די שטחים פון רוסלאַנד, אויפן וועג קיין סיביר, בלייבנדיק שטיין נאָר אויף גרויסע סטאַנציעס, צו באַזאָרגן די מענטשן מיט "קיפּיאַטאָק" אויף צו דערוואַרעמען זיך.

נאָך לאַנגע וואָכן שלעפּן זיך האָט מען די פאַרשיקטע געבראַכט אין אַ יישוב

צווישן די געדיכטע וועלדער פון דער אויטאָנאָמער סאָוועטישער, סאָציאַליסטישער רעפּובליק, קאָמי, ווייט פון אַ יישוב און באַוואַכט פון באַוואָפנטע ענקאַווע־דעניקעס.

אויפן צווייטן טאָג נאָכן אָנקומען אין „פּאָסיאָלאָק" נומער 268, האָט דער קאָמענדאַנט באַפוילן אַלעמען זיך צונויפזאַמלען פאַרן הויז פון ענקאַוועדע. ווען די מענטשן זיינען שוין געווען כמעט פאַרפרוירענע פונעם ברענענדיקן פראָסט און קוים געקענט שטיין אויף זייערע פיס, איז אַרויסגעקומען דער קאָמענדאַנט און געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע אין וועלכער ער האָט מודיע געווען, אַז מען האָט זיי געבראַכט אַהער, אינעם „פּאָסיאָלאָק", פאַר געהערן צו אַ קלאַס פון קאַפּי־טאַליסטן, פאַרברעכער, שפּיאָנען און אויסוואורפן. „אייערע שווערע זינד וועט איר מוזן אויסקויפן מיט גוטער אַרבעט ביים אויסהאַקן די וועלדער און צוגרייטן דאָס געהילץ אין וועלכן ס'נייטיקט זיך דער גרויסער ראַטן־פאַרבאַנד, אַזאַ איז דער באַפעל פונעם טאַטן פון אַלע פעלקער — יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין".

אַ הוררא! געשריי פון די ענקאַוועדעניקעס, האָט באַגלייט זיינע ווערטער און אַלע פאַרשיקטע האָבן געמוזט מיטשרייען.

נאָכדעם האָט דער קאָמענדאַנט פאַרגעלייענט אַלץ וואָס ס'איז זיי פאַרבאָטן און פאַרענדיקט מיט דעם, אַז דעם יעניקן וואָס וועט ניט אויספילן זיין נאָרמע, וועט מען פאַרקלענערן די צוגעטיילטע פאַרציע ברויט, ווי ס'איז פאַרשריבן אין דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע: „ווער ס'אַרבעט ניט, דער עסט ניט"!

דער „פּאָסיאָלאָק" נומער 268, באַשטייט אינגאַנצן פון צוויי גאַסן, פאַרבויטע מיט הילצערנע באַראַקן און אַ צען נידעריקע הייזלעך געבויטע פון רונדע, ניט אַרומגעטעסעטע קלעצער. דערצו נאָך אַ גרויס, מאַסיוו הויז מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטער אין סאַמע צענטער פון יישוב. דאָרט געפינט זיך די ענקאַוועדע און דער קאַרצער.

אין די באַראַקן וואוינען די פאַרשיקטע. אַ טייל פון זיי מיט זייערע משפחות צוזאַמען; דאָס זיינען די „גליקלעכע", וועמען די איינזאַמע פאַרשיקטע זיינען שטאַרק מקנא. אין די הייזער וואוינען די ענקאַוועדע־מענטשן, כמעט אַלע מיט משפחות, און אויך עטלעכע געוועזענע פאַרשיקטע, וואָס זיינען נאָך דער באַ־פרייאונג, אויף דער „עצה" פון ענקאַוועדע, געבליבן אין „פּאָסיאָלאָק" ווי פריי־געדונגענע אַרבעטער, דער עיקר אַלס בריגאַדירן ביי די וואַלד־אַרבעטן.

ביים איינציקן אַריינפאָר אין „פּאָסיאָלאָק" שטייט שטענדיק אַ וואַך. זי קאָנטראָלירט די דאָקומענטן פון די וועלכע קומען אַהער, כאָטש דאָס רוב זיינען די באַזוכער אייגענע מענטשן, אָפיציעלע פאַרשטייער פון ענקאַוועדע אָדער פונעם געגנטלעכן האָלץ־טרעסט, וועלכע קומען מיט שליטנס אַרויסצופירן די אויסגעהאַקטעביימער. די פאַרשיקטע איז פאַרבאָטן צו דערנעענטערן זיך צום

אַריינפאָר און פאָר עובר זיין אויפן פאַרבאַט באַקומט מען אַ פּאָר טעג קאַרצער, פון וועלכן מען קומט אַרויס אַ קראַנקער און צעבראָכענער.

פינף אַזייגער פאַרטאָג, ווען ס'איז נאָך גוט פינצטער, צעטראַגט זיך איבערן יישוב דאָס געשריי פון די בריגאַדירן. דאָס וועקן זיי די מענטשן צו זיין גרייט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט. אין די באַראַקן צינדן זיך אָן קליינע נאַפט-לעמפּלעך וואָס פאַרשפרייטן אַרום זיך אַ טונקעלע שיין. די מענטשן הייבן זיך אויף פון די האַרטע געלעגערס, קוים וואָס זיי באַוועגן די צעווייטיקטע גלידער, זיי טרייסלען זיך פון קעלט און איילן וואָס גיכער אַרויפציען אויף זיך די מלבושים. אין די באַראַקן וואו ס'וואוינען אויך די משפחות פעדערן זיך די פרויען און צינדן אָן אַ פייער אין די אייזערנע אייוועלעך, וואָס ווערן גיך אָנגעגליט אויף רויט און וואַרעמען אָן דעם באַראַק.

אויסגעטרונקען אויף גיך אַ טעפל ערזאַץ-טיי, וואָס טראָגט דעם שיינעם נאָמען "פּרוקטאָווי טשאַי", מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט, שטעלן זיך די מענער צו אויפן פּלאַץ פאַרן ענקאַווּעדע בנין. די בריגאַדירן ציילן זייערע מענטשן און גיבן איבער אַ באַריכט דעם קאָמענדאַנט, וואָס פאַרפעלט ניט קיינמאָל דעם אַפּעל. פּונקט זעקס אַזייגער רירן די בריגאַדעס אַרויס צו דער אַרבעט, באַגלייט פון אַ באַוואָפנטער וואַך.

די אַרבעט באַשטייט פון אויסהאַקן דעם אורוואַלד. די ביימער זיינען הייכע און דיקע, אַז צוויי מענטשן קענען זיי קוים אַרומנעמען. די ערשטע צייט האָבן די פאַרשיקטע אַפילו ניט געוואוסט ווי אַזוי מען נעמט זיך צו דער אַרבעט. די בריגאַדירן, וואָס האָבן מיט אַ סך יאָרן צוריק אַליין זיך געפונען אין אַן ענלעכן מצב, האָבן געשאָלטן מיט טויטע קללות, געזידלט און אַפילו געגעבן קלעפּ. די בריגאַדירן האָבן באַקומען פּרעמיעס, אַ צוגאָב פון שפּייז, ווען די נאָרמע איז געוואָרן אויסגעפילט און זיי האָבן אין די אומדערפאַרענע וואַלד-אַרבעטער געזען זייערע שונאים.

פּאַמעלעך האָבן זיך די מענטשן אויסגעלערנט אַרבעטן. די זעגן האָבן זיך אַלץ טיפער און טיפער איינגעשניטן אינעם געוועב פון די ביימער און פאַלנדיק מיט אַ קרעכץ באַגראָבן אונטער זיך יונגינקע ביימעלעך. אַמאָל האָט עס געטראָפן אויך אַ ניט פאַרזיכטיקן, ווינציק דערפאַרענעם אַרבעטער.

אַנדערע בריגאַדעס האָבן באַאַרבעט די אָפּגעהאַקטע ביימער. מיט שווערע העק אַרומגעהאַקט די צווייגן, וועלכע מען האָט געמעגט מיטנעמען אויף צו באַהייצן די באַראַקן, אָפּגעשניטן די דינע בוים-שפּיצן און צוזאַמענגעשלעפּט די קלעצער אין קופּעס, גרייטע צו פאַרלאָדן אויף די שליטנס.

חיים-משה'ן — ווען מען האָט אויפגעהערט צו צוגעבן דעם "רב" — האָט מען צוליב זיין הייכן עלטער באַפרייט פון אַרבעטן מיטן זעג. פון די צוגעשיקטע דאָקומענטן האָט זיך דער קאָמענדאַנט דערוואוסט, אַז ער איז אַ

גרויסער מומחה אין האַקן וועלדער. ער האָט אים געלאָזט רופן צו זיך אין קאַבינעט, לאַנג, לאַנג באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פּיס, און נאָכדעם אויסגעפרעגט וועגן זיינע וואַלד־קענטעניש. צום סוף פון דער חקירה האָט דער קאָמענדאַנט מודיע געווען, אַז ער טרויט אים אָן די וויכטיקע אַרבעט ביים אָפּקלייבן די ביימער צום אויסהאַקן; "נאָר געדענק, האָט ער אים געוואָרנט, אויב דו וועסט סאַבאָטירן וועסטו באַקומען אַ קויל אין דיין אַלטן קאָפּ!" ער האָט אויך באַפוילן אַרויסצוגעבן אים אַ וואַרעמע פופייקע, וואַטעגע הויזן און גרויסע שווערע וואַליקעס.

עפּעס אַ מאָדנער געפיל פון גלייכגילטיקייט צו דער פאַרלוירענער גבירישקייט האָט אים באַהערשט און נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, ווען ער קומט צוריק אין באַראַק אַריין, פרייט ער זיך וואָס ביי זיין עלטער שטייט ער ניט אָפּ פון אַנדערע, און רעכנט זיך פאַר אַ גוטן אַרבעטער.

ס'טרעפט אָבער אַז ביינאַכט, אין שלאָף, חלומט זיך אים זיין טאַרטאַק. ער הערט בולט ווי עס זינגען די צעיאָגטע זעגן, וואָס בייסן די קלעצער וועלכע ווייינען מיט פעכיקע טרערן, און ווען ער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף דערפילט ער ערשט דעם גאַנצן עלנט זיינעם און דערפון ווערן באַזילבערט די האָר פון זיין באָרד. אָבער ביי זיינע פינף־און־זעכציק יאָר איז ער געווען געזונט און שטאַרק אַ סך מער פון אַנדערע פאַרשיקטע, וואָס זיינען געווען מיט צענדליקער יאָרן יינגער פון אים.

— דער אַלטער איז שטאַרק ווי אַ דעמב, פלעגן וועגן אים ריידן די איינוואוינער פון באַראַק.

דער שטאַרקער ריח פון דער סאָסנע זשיוויצע, די אומגעהויערע אַרומיקע שטילקייט, די מעגלעכקייט צו אַרבעטן ביי זיין באַליבטער אַרבעט, די צוגעשיקטע שפּייז־פּעקלעך פון דער היים, און דער עיקר די בריוו פון די קינדער און אייניקלעך, האָבן אים ניט געלאָזן אַלט ווערן.

— — — — — — — — — — — — — —

זומער, טויזנט־ניין־הונדערט־איין־און־פערציק:

שוין אַ פּאָר חדשים ווי ס'ברענט דער שרעקלעכער פייער פון דער מלחמה צווישן דעם פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן און נאַצי־דייטשלאַנד, זיין נעכטיקן גוטן־ברודער און שותף ביים פאַרטיילן זיך מיט דער פּוילישער ירושה.

פון דער היים קומען ניט מער קיין בריוו, דאָרט באַלעבאַטעווען שוין די דייטשן און זייערע מיטהעלפער — די גויים פון שטעטל. די זאָרג וועגן גורל פון דער משפחה און די מוראדיקע בענקשאַפט נאָך אַ נאָענט און ליב פּנים,

האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף חיים-משה׳ן און פרעסן אים אויף. ער איז געוואָרן גלייכגילטיק צו דער אַרבעט, צו די מענטשן מיט וועלכע ער וואוינט אין באַראַק און נאָך דער אַרבעט פאַלט ער אַוועק אויף זיין בעטל, ליגט אויף איר מיט פאַרמאַכטע אויגן און פּרובירט אַרויסרופן אין זכרון די פּנימער פון זיינע קינדער און אייניקלעך. די שכנים טרייסטן אים, ווילן דערמוטיקן מיט אַ גוט-וואָרט, אָבער ער הערט אפילו ניט וואָס זיי ריידן צו אים און ענטפערט ניט קיין וואָרט.

— ס׳איז ניט גוט מיטן אַלטן, זאָגט איין שכן צום אַנדערן מיט אמתן צער.

ווען ס׳איז געקומען דער טאָג פון אַמנעסטיע פאַר די פאַרשיקטע פּוילישע בירגער, לויטן הסכם מיט דער שיקאָרסקי רעגירונג אין לאָנדאָן, האָבן עטלעכע באַפרייטע משפחות באַשלאָסן צו אַריבערוואַנדערן קיין אוזבעקיסטאַן; "ס׳איז דאָרט שטענדיק וואַרעם און ס׳איז פאַראַן ברויט צו דער זעט". האָבן זיי געטענה׳עט. אויך רב׳ חיים-משה איז מיטגעפאָרן.

נאָך אַ חודש וואַלגערן זיך אויף פאַרשיידענע וואָקזאַלן און באַנען, צע-פרעסענע פון לייז און שמוץ, האָט זיי די באַן אין אַ זוניקן פרימאָרגן געבראַכט קיין סאַמאַרקאַנד.

ס׳האָט זיי באַגעגנט אַ לאַנגער, ווייסער וואָקזאַל, מיט אוזבעקישע און רוסישע אויפשריפטן אויף די ווענט; אַ גרויסער וואַרט-זאַל, מיט שפּיגלען אַרום די ווענט, אין וועלכן מען לאָזט אַריין נאָר הייכע אָפיצירן; אַ בופעט וואו מען פאַרקויפט נאָר, ניט געצוקערטן, גרינעם טיי אין "פּיאַלעס", — טעפּעלעך פון עכטן כינעזישן פאַרצעלאַן, און זייער אַ סך מונדירטע ענקאַוועדע-לייט, וועלכע שפּיזן דורך מיט זייערע בליקן די פּאַסאַזשירן.

אויפן ברייטן שטח אַרום וואָקזאַל און אינעם הויף פון "עוואַקאַ-פּונקט" זיינען געזעסן אויף פּעקלעך אָדער אויף דער נאַקעטער ערד טויזנטער מענטשן. כמעט אַלע שמוציקע, באַוואַקסענע, אַ טייל אין צעפּליקטע בגדים, קוים וואָס זיי האַלטן זיך אויפן גוף. ביי די צוויי קראָמען, וואו מען האָט פאַרקויפט ברויט, איז געשטאַנען אַ ריי פון הונדערטער מענטשן, וועלכע איז גאָרניט געוואָרן קלענער; אַלץ שטופּט זיך, שרייט און שילט מיט דער נאַציאָנאַלער רוסישער קללה; דער גרעסטער טייל מענטשן איז געבליבן אָן ברויט און ווער ס׳האָט נאָך געהאַט געלט צו באַצאָלן אַ "געזאָלצענעם" פּרייז, האָט געקויפט "לעפּיאָש-קעס", — היימיש-געבאַקטע, ווייצענע קוכנס, וועלכע ס׳פאַרקויפן אוזבעטשקעס, מיט שוואַרצע "פאַראַנדזשעס" אויף זייערע פּנימער, פון הינטער וועלכע עס זעען זיך אַרויס זייערע שוואַרצע, גליאיקע אויגן.

נאָכן דורכגיין אַ סאַניטאַרע באַאַרבעטונג און אַנטלויזונג פון די זאַכן איז דער "וואָשאַבאַיקאַ", האָט זיך חיים-משה געלאָזט צופוס שפּאַנען צו דער אַלטשטאָט, וואו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט די מערהייט פון די יידישע פּליטים.

פון וואָקזאַל אין שטאָט אַריין פירט אַ לאַנגע, ברייטע אַלייע פון ציפּרעסן און קליאָנען. ביי ביידע זייטן פון די טראָטואַרן אויסגעגראָבענע, פלאַכע "אַריקן" אין וועלכע עס פליסן טונקל-ברוינע, שמוציקע וואַסערן. אין די "אַריקן" פאַלט אַריין דאָס שמוץ פון די גאַסן, מען וואַשט דאָרט די שמוציקע קליידער און דאָס וועש. דורשטיקע אוזבעקן שעפּן פונעם וואַסער מיט די הויפּנס און טרינקען אים גיריק. יונגע אוזבעקישע מיידלעך, פילן אָן עמערס וואַסער און טראָגן זיי אויף די קעפּ, פאַרפלאָכטענע מיט צענדליקער פּעט-גלאַנציקע צעפּעלעך, צווישן וועלכע עס זילבערן זיך אַרויס פאַרשיידענע מטבעות און בלעכלעך.

די זון האָט זיך דערווייל צעגליט און געברענט אָן רחמנות. אַ שווערער שווייס האָט זיך געקייקלט איבער חיים-משה׳ס פּנים און דורכגעווייקט די קליידער. דער זעקל מיט די ווינטערדיקע זאַכן, מיטן טלית און תפילין האָט געדריקט אויפן פּלייצע ווי אַ שווערע משא און ער האָט פון צייט צו צייט געמוזט אים אַראָפּנעמען און זיך זעצן אָפּרוען. נאָך אַ שעה שלעפּן זיך איז ער אַ טויט-מידער אָנגעקומען אין דער אַלטשטאָט.

אויפן רעגיסטאַן-פּלאַץ און אין די אַרומיקע געסלעך האָבן זיך באַוועגט טויזנטער מענטשן: אוזבעקן, יידן און רוסן. ס׳האָט זיך געהערט אַ געמיש פון שפּראַכן: יידיש, פּויליש, רוסיש, אוזבעקיש און טאַדזיקיש, אויף וועלכער ס׳ריידן די בוכאַרער יידן. די צוויי גרויסע מעטשעטן אויפן רעגיסטאַן, מיט זייערע הייכע, קרומע טורעמס, ווי אויסגעבייגענע צום פאַלן, באַדעקטע מיט אַ וואונדערלעכער פּיאַלעטער, אָראַנזש-געלער און רויטער מאָזאַיִק, האָבן געוואָרפן זייערע שאָטנס אויף אַ האַלבער גאַס. אויפן ברייטן געפּלאַסטערטן פּלאַץ צווישן ביידע מעטשעטן, זיינען געשטאַנען באַרוועסע מאָלער, סטודענטן פון דער וואָקואירטער לענינ-גראַדער קונסט-אַקאַדעמיע, און געאַרבעט ביי זייערע לייוונטן.

פונעם ראַדיאָ-הילכער האָט זיך איבערן גאַנצן פּלאַץ געהערט די הייזעריקע שטים פון אַן אוזבעקישן זינגער, וואָס האָט אָן אויפהער געציקלט און איבער-געחזרט די ווערטער: "דזשאַן, דזשאַן אוזבעקיסטאַן". אין די אַרומיקע "טשאַיכאַנאַס" זיינען אויף אַלטע, אויסגעריבענע טעפּיכער געזעסן, מיט די פיס אונטער זיך, אוזבעקן, כמעט אַלע דיקע, מיט פעטע גלאַנציקע פּנימער, לאַנגע וואָנסעס און גלאַטע אָפּגעראַזירטע קעפּ. זיי האָבן געטרונקען ביטערן, ניט געצוקערטן, קאָק-טשאַי און צוגעקייט ראַזשינקעס. אַנדערע ווידער האָבן געקייט "נאַס", אַ געמיש פון גרינעם, דין צעמאָלענעם, טאַבאַק און וואַפּנע. פון צייט צו צייט אויסגעשפּייט אויפן דיל די גרינע מאַסע און באַלד אַריינגעשאָטן אין מויל אַ פרישן הויפן מיט "נאַס".

די וואָסטאָטשנע און פינדזשיקענטסקע, די צוויי הויפּט-גאַסן פון דער אַלטשטאָט, זיינען פאַרבויט געווען מיט קיאָסקן, אין וועלכע די אַרומיקע קאָלכאָזן האָבן פאַרקויפט זייערע פּרוכטן: עפּל, וויינטרויבן, גראַנאַטן, געטריקנטע אַפּריקאָסן, ראָזשינקעס און ניס.

ווען חיים-משה איז צוגעקומען צו איינעם פון די קיאָסקן און אַ פרעג געטאָן דעם פּרייז פון די פּרוכטן, איז ער, נאָכן באַקומען אַן ענטפער, געבליבן שטיין אַ פאַרציטערטער, וואו זאָל ער נעמען אַזויפיל געלט? און דאָס האַרץ חלשט אים, שוין אַזויפיל שעה׳ן גאָרניט טועם געווען. אַ פּוילישער ייד, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן, האָט באַמערקט זיין פאַרצווייפלונג און האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— רב ייד, איר זייט מן-הסתם ערשט איצטער געקומען אַהער?

— יאָ, נאָר-וואָס געקומען פון וואָקזאַל. קוים אַ פּאָר שעה אין שטאָט, און כ׳ווייס ניט וואָס מען הייבט אָן צו טאָן. די פּרייזן זיינען שרעקלעכע און כ׳בין כמעט אָן געלט.

— אויב איר האָט ניט קיין געלט, פעטער, איז טאַקע זייער ניט גוט. איך זע אָבער, אַז איר האָט אַ ביסל זאַכן. גייט צו אויפן ״טאָלקוטשקע״ און פאַרקויפט עפּעס. נאָר זעט אַז מען זאָל אייך ניט אָפּנאַרן מיט די פּרייזן.

— — — — — — — — — — — — — —

די טאָלקוטשקע: אַ ריזיקער, ניט ברוקירטער שטח, ביים אַריינפאָר אין שטאָט מיטן זאַרעוושאַנער שאָסיי. דער שטח איז אָנגעשטאָפּט מיט טויזנטער מענטשן, וועלכע קויפן און פאַרקויפן אַלץ וואָס קומט זיי אונטערן האַנט. מען פאַרקויפט דאָ אַלטע זאַכן, אַלטע מעבל, צעקלאַפּטע, אויסגעשטשערבעטע טעפּלעך, פאַרזשאַווערטע טשוועקעס, שטיקלעך גלאָז, פאַרשיידענע זייפן, און אַפילו איינציקע אַלטע שיך, פאַר אינוואַלידן מיט איין פוס. מען קריגט דאָ צו קויפן פלייש, וואָס קיינער ווייסט ניט פון וואָס פאַראַ בעל-חיים עס קומט, שטיקלעך ברויט, געקאָכטע קאַרטאָפל און הייסע זופּן. אַלץ שטופּט זיך דאָ, געוואַלדעוועט, שרייט און דינגט זיך בקולו-קולות. ״שפּאַנאַר״ רייסט אַרויס זאַכן פון די הענט, פאַרשווינדט אין דער ענגשאַפט און מען קען זיי ניט כאַפּן. מיליציאָנערן דרייען זיך דאָ אַרום, באַקומען אַ פּאָר רובל כאַבאַר און מאַכן זיך ניט זעענדיק ווי עס ״בליט״ די ״ספּעקולאַציע״.

ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און די פּופּייקע מיט די וואַטענע הויזן זיינען אַריבער אין רשות פון אַן אַלטן אוזבעק און חיים-משה, מיטן פּעקל ״טשער-וואָנצעס״ אין בוזעם-קעשענע, האָט זיך געאיילט קויפן עפּעס צו דערכאַפּן דאָס פאַרחלשטע האַרץ.

ס׳האָט גענומען נאָר געציילטע טעג און די ״טשערוואָנצעס״ זיינען צעפלאָסן, ווי דאָס וואַסער אין די ״אַריקן״ אויף די גאַסן פון שטאָט. דער הונגער האָט גענומען ווערגן, רייסן שטיקער, כאַטש נעם לייג זיך און שטאַרב אַוועק אַ געשוואָלענער פון הונגער, ערגעץ-וואו ביים ברעג פון אַן ״אַריק״.

די ערשטע צייט האָט ער נאָך פּרובירט זיך ראַנגלען מיטן הונגער און נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון אַ סך אַנדערע ווי ער. ער פלעגט אויפן באַזאַר צוגיין צו אַ פאַרקויפער פון ראַזשינקעס, כלומרשט אַ קונה, פרעגן דעם פּרייז, טאַפּן מיט די פינגער, און אַרייבשיטן אין מויל אַ הויפן ראַזשינקעס, צום פאַרזוכן די סחורה, מאַכן אַ מינע אַז ס'געפעלט אים ניט און אַוועקגיין צו אַן אַנדער פאַר-קויפער. אָבער נאָכדעם, ווי די דאַרפישע אוזבעקן האָבן זיך געכאַפּט אויפן פאַרטל, און ניט איינער פון זיי האָט מיט אַ שווערן געוויכט געשפּאָלטן דעם מוח פון אַזאַ קונה, האָט זיך חיים-משה געמוזט אַראָפּלאָזן צו דער מדרגה פון אַ פשוטן בעטלער, אויסגעשטעלט אַ האַנט און שטום אַן ווערטער געבעטן אַ נדבה ביי די גוטע מענטשן, וואָס האָבן אַליין אויך ווינציק וואָס געהאַט צו געבן.

דעם טלית מיט די תפילין האָט מען אַוועקגעגנבעט פון אונטער זיין קאָפּ, ווען ער איז געשלאָפן אויף דער נאַקעטער ערד אין איינעם פון די שטאָטישע גערטנער, און ער האָט אַפילו אויפגעהערט צו דאַווענען, די אמונה איז עפּעס ווי אויסגעלאָשן געוואָרן אין אים.

און איינמאָל אין אַ האַרבסטיקן טאָג, ווען ער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל גאַס, אַ האַלב-נאַקעטער אין זיינע צעפליקטע בגדים, די באָרוועסע, געשוואָלענע פיס אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס און פאַרבונדן מיט שטריקלעך, איז נעבן אים שטיין געבליבן אַ הייכער, באַברילטער מאַן און האָט זיך מיט זיין בליק ווי איינגעגעסן אין אים. אַז חיים-משה האָט אים דערזען האָט ער אַ ציטער געטאָן, און גענומען זיך וואַקלען צום פאַלן. דער יונגערמאַן האָט דאָס באַמערקט, באַצייטנס אַ כאַפּ געטאָן אים מיט ביידע הענט און אַ דערשטוינטער אויס-גערופן:

— רב' חיים-משה! דאָס זייט, רב' חיים-משה?!

דאָס איז געווען יואל, דער שרייבער, וואָס האָט אַ פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון חיים-משה'ס שטעטל און דאָרט געוואוינט אַ קורצע צייט נאָך דער חתונה.

יואל איז אויך געווען אַ פּליט אין סאַמאַרקאַנד. געלעבט מיט זיין ווייב און קינד אין אַ ליימענער קיביטקע, אויף איינער פון די שמאָלע, אָן פענצטערדיקע געסעלעך אין דער אַלטשטאָט. ער האָט געאַרבעט אויף אַ פּאָסטן, ביי וועלכן ער האָט געקענט מאַכן אַ זייטיקן רובל און האָט געגעסן צו דער זעט.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און ער האָט דעם אָפּגעשוואַכטן, ווי אַ ליכט צאַנקענדיקן, חיים-משה'ן ממש אויף די הענט געבראַכט צו זיך אַהיים. געזעצט צום טיש אויף וועלכן זיין ווייב תמר, חיים-משה'ס בת-עיר, האָט מיט ציטעריקע הענט פון איבעראַשונג אַוועקגעשטעלט עסן. ביידע זיינען זיי אַרויס פון צימער, געלאָזט אים אַליין, ער זאָל זיך ניט שעמען צו שטילן זיין שרעקלעכן הונגער.

ווען זיי זיינען צוריק אַריין אין צימער האָבן זיי אים געטראָפן זיצן ביים

אָפּגעליידיקטן טיש און פון זיינע אויגן זיינען גערונען שטראָמען טרערן.

— ווײנט ניט רב׳ חיים-משה, האָט אים תמר צאַרטלעך אַרומגענומען, איר דאַרפט מער ניט זאָרגן, איר וועט זיין מיט אונדז און ווי מיר וועלן לעבן, אַזוי וועט איר לעבן. כ׳בעט אייך באַרויקט זיך און נעמט זיך אין די הענט אַריין.

יואל האָט אָפּגערייניקט דעם ליידיקן צימערל אויף דער ״באַלכאַנאַ״. נאָכדעם האָט ער געבראַכט פון ״טשאַיכאַנאַ״ אַן עמער הייסע וואַסער, אַרויפגענומען זיין קינדס בלעכענע וואַנע, אויסגעטאָן חיים-משה׳ן, אַריינגעזעצט אים אין וואַנע און ווי אַ קליין, הילפלאָז קינד גוט אַרומגעוואַשן מיט זייף און אויסגעקעמט מיט אַ געדיכטן קעמל די האָר פון זיין קאָפּ און באָרד.

די אַלטע, לייזיקע שמאַטעס האָט יואל פאַרברענט; חיים-משה׳ן האָט ער געגעבן אָנצוטאָן ריינע וועש, ריינע זאַכן און אַ פּאָר שיך. נאָכער האָט ער אין אָפּגערייניקטן צימערל אַוועקגעשטעלט אַ בעטל און זיך אָנגערופן:

— דאָ וועט איר, רב׳ חיים-משה, וואוינען און קומען צוריק צו די כוחות. לאָמיר ניט פאַרלירן דעם בטחון, אַז די מלחמה וועט זיך אינגיכן ענדיקן און איר וועט זוכה זיין קומען צוריק צו אייערע קינדער און אייניקלעך.

חיים-משה האָט אים אַרומגענומען און לאַנג, לאַנג געקושט באַגיסנדיק זיך מיט טרערן.



סוף הארבסט, טויזנט-ניין-הונדערט-פינף-און-פערציק:

לאַנגע עשאַלאָנען פון פראַכט-וואַגאָנען מיט פליטים, דאָס רוב יידן, שלעפּן זיך וואָכן לאַנג איבער רוסלאַנד אויפן וועג צו די באַפרייטע היימען, קיין ליטע, אוקראַאינע, בעסאַראַביע און ווייסרוסלאַנד.

צוזאַמען מיט יואלן און זיין משפּחה איז אויך חיים-משה געקומען צוריק אַהיים, אינעם שטעטל. געווען איז דאָס אין אַ דעצעמבער טאָג ווען קיין שניי איז נאָך ניט אַרויסגעפאַלן, אָבער די קעלט איז געווען אַ ווינטערדיקע, האָט געצופּט און געביסן די נאַקעטע טיילן פון קערפּער.

דאָס שטעטל איז מער ניט געווען צו דערקענען: כמעט אַלע יידישע גאַסן זיינען געלעגן אין חורבות; נאָר בערגלעך ערד, ווי קברים, און קופּקעס ציגל פון די אויוונס. פון אַ טייל הייזער שטייען נאָך פאַררויכערטע ווענט מיט אויפגעריסענע לעכער און דער ווינט וויינט דאָרט אַריין מיט אַ געיאָמער, — ער איז דער איינציקער באַקלאָגער פון די אַלע וועלכע זיינען דאָ אַמאָל געווען און היינט איז זייער געביין צעזייט און צעשפּרייט איבער די גויישע פעלדער.

דעם טאָג איז דער ווינט ניט געווען דער איינציקער באַקלאָגער; דריי

דערוואַקסענע יידן און אַ קליין מיידעלע — אַ דאָ־הי געבוירענע אין די לעצטע טעג, ערב דעם חורבן — זיינען געקומען העלפן דעם ווינט וויינען און קלאָגן. זייער לאַנג־יאָריקער חלום צו דערלעבן קומען צוריק אַהיים ליגט איצט אַן אויסגע־רונענער, ביי די בערגלעך ערד וואו עס זיינען אַמאָל זייערע היימען געווען.

חיים־משה׳ס אויגן וויינען ניט. ניטאָ אין זיי מער קיין טרערן. אַ שרעקלעכער טרויער שלאָגט פון זיי. זיינע ליפּן מורמלען עפּעס, מען הערט ניט וואָס ער זאָגט. אפשר איז עס אַ קדיש נאָך זיין פאַרצווייגטער משפחה פון וועלכער נאָר ער איינער איז פאַרבליבן? פּלוצלינג בייגט ער זיך אַראָפּ, נישטערט און זוכט אינעם בערגל און שלעפּט אַרויס אַ פאַרזשאַווערטע זאַוויעסע פון אַ טיר. דער טרערן־קוואַל באַנייט זיך און ער באַגיסט מיט זיי דעם לעצטן זכר פון זיין געוועזענער היים און גבירישקייט.

באַזוכט אויך דעם בית־הקברות מיט די חרובע, געשענדעטע מצבות, און די בערגלעך ערד אויפן אָרט פון די געוועזענע בתי־מדרשים, פון וועלכע נאָר צוויי שטיקלעך ווענט זיינען פאַרבליבן. געוואָרפן אַ לעצטן בליק אויפן „שטעטל״ און מיט דער זעלבער קליינבאַן, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, אַוועק פונעם שטעטל, דאָס־מאָל שוין אויף אייביק.

די פּוילישע ערד, אויף וועלכער זיי זיינען געקומען, האָט זיי אויפגענומען נאָך ערגער ווי דאָס פאַריתומטע שטעטל. פון אומעטום האָבן זיך געשטערקט צו זיי שאַרפע מעסערס און נאָך שאַרפערע, גיפטיקע בליקן, גרייט אָוועקצונעמען דאָס מיט ניסים געראַטעוועטע לעבן.

ווען טויזנטער יידן זיינען, געטריבענע פון שרעק, איבער גרעניצן געלאָפן קיין דייטשלאַנד, איז אויך יואל מיט זיין משפחה מיטגעלאָפן, און ניט אָפּגעלאָזט פון זיך רב׳ חיים־משה׳ן.

— — — — — — — — — — — — — —

דער לאַגער פאַקינג־וואַלדשטאַט ליגט אין אַ זייט פון דער באַן סטאַנציע און די לאַנגע, פון ברעטער צונויפגעקלאַפּטע, באַראַקן שטייען באַהאַלטן פון אַ מענטשלעך אויג, צווישן זייער הייכע, שטאַרק צעוואַקסענעביימער. נאָר די ליידיקע וואַך־טורעמלעך ביים טויער, דערמאָנען אַז דאָ איז פריער געווען אַ לאַגער, אין וועלכן די נאַציס האָבן, דורך שווערער אַרבעט און הונגער, פאַרפייניקט צום טויט טויזנטער פאַרשלעפּטע אַרבעטער פון די אָקופּירטע לענדער.

היינט וואוינען דאָ יידישע פּליטים, אַנטלאָפענע פון זייערע „באַפרייטע״ היימען. מענטשן וואָס האָבן פאַרברענט הינטער זיך אַלע בריקן פון עבר און האָבן ניט דערווייל פאַר זיך קיין מאָרגן.

און דער היינט?

ער איז אַזוי גרוי און זינלאָז ווי די באַראַקן מיט די וואַנצן צווישן די ברעטער. מיט די לאַנגע, פינצטערע קאָרידאָרן און שטענדיק שמוציקע, עיפּושדיקע, אַלגעמיינע קלאָזעטן און וואַש-צימערן.

דער לאַגער איז צעשניטן פון גאַסן אָן נעמען, נאָר באַצייכנטע לויטן לאַטייניש אַלפאַבעט, אַלע ענלעכע איינע צו דער צווייטער. די זעלבע באַראַקן, די זעלבע דריי טרעפּלעך אַרויפצוגיין, די זעלבע פענצטער אָן לאָדן, אָן אַ פאָרהאַנגל אויף זיי. די זעלבע מיליטערישע אויפּלייג-בעטלעך און די זעלבע בלעכענע פּושקעס, אַנשטאָט טעפּ און טעלער.

רב׳ חיים-משה איז שטאַרק אַלט געוואָרן. דער פּנים צעקנייטשט און גרוי-שוואַרץ ווי די אַרומיקע ערד. די באָרד איז ווייס ווי שניי, די פּלייצע אויסגע-בויגן, מער ניט צום אויסגלייכן איר און די הענט ציטערן אים. די פיס, קוים וואָס זיי באַוועגן זיך, און ער פאַרמאַטערט זיך שוין ביי די ערשטע פּאָר טריט וואָס ער מאַכט. דערצו האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט אַ יאַדישלעווער הוסט, וואָס שלעפּט אַרויס פון אים דאָס לעצטע ביסל חיות, און ער פילט בחוש ווי זיין לעבן לעשט זיך אויס, פּונקט אַזוי ווי עס פלעגט זיך אין אָוונט, נאָך אַן אַרבעטס-טאָג, אויסלעשן דאָס פייער אין דער קאַטשעגאַרקע, וועלכע האָט געטריבן די זעגן פון זיין טאַרטאַק.

דריי מאָל אַ טאָג שלעפּט ער זיך מיט דער בלעכענער פּושקע אין קיך נאָכן ביסל עסן און ווען ער קומט צוריק קען ער קוים אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אמת, תמר, יואלס ווייב, לאָזט אים ניט גיין, זי וויל אים ברענגען דאָס עסן, אָנוואַרעמען און דערלאַנגען, אָבער ער איז אויף דעם ניט מסכים און זי שווינט זיין ווילן און גיט אים אָפּ כבוד, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן.

רב׳ חיים-משה איז געוואָרן אַ מוראדיקער שווייגער, גאַנצע טעג רעדט ער ניט אויס מיט קיינעם קיין וואָרט; אָבער די מחשבות און די זכרונות לאָזן אים ניט אָפּ אויף אַ מינוט, כאָטש דער פּאַדים רייסט זיך אָפּט און ער מוז אָנהויבן וויקלען אים פון דאָס ניי.

אין די זכרונות רעדט ער יאָ מיט די ליבע געשטאַלטן וועלכע ער רופט אַרויס. ער שמועסט זיך דורך מיט זיי, פרעגט און דערציילט. אוי, וויפל ער האָט זיי צו דערציילן און זיי אים נאָך מער. פאַראַן אויך מאָמענטן ווען ער וויל פאַרגעסן, פאַרגעסן און ניט געדענקען מער; ער בעט זיך ביי גאָט, אַז ער זאָל אים העלפן פאַרגעסן, אָבער ווי קען מען פאַרגעסן אַזויפיל ליבע, טייערע און נאָענטע נפשות, אייגן בלוט און פלייש?

טיילמאָל, קען ער זיך ניט דערמאָנען ווען דאָס איז אַלץ געווען. צי איז עס אפשר געווען נאָר אַ חלום? און אויב ס׳איז ניט געווען קיין חלום, איז מן-הסתם אַן אייביקייט שוין אַריבער זינט דעמאָלט, און ער-ווייסט מיט וויפל דורות

צוריק דאָס איז געווען. אַלע דורות זיינען אויסגעשטאָרבן און נאָר ער איינער איז פאַרבליבן לעבן, אַ פאַרוואָגלטער און אַ פרעמדער אין אַ פרעמדן דור. ער וואָלט אפשר אַליין געדאַרפט ענדיקן מיטן דאָזיקן לעבן, און אַוועקגיין צו די יענעקע צו וועמען ער געהערט, אָבער גאָט האָט אים דאָס לעבן געגעבן, און נאָר ער האָט דאָס רעכט דערויף.

זיינע געדאַנקען רייסן זיך איבער, ער קען מער ניט טראַכטן וועגן דעם. ער ווישט מיטן נאָזטיכל די טרערן און מוסרט זיך אַליין, "אַ מיאוסע טבע געקראָגן, וויינען גאָר ווי אַ יידענע" און פאַרזינקט באַלד ווידער אין די זכרונות, מיט וועלכע ער פילט אויס זיינע עלנטע טעג און די שלאָפלאָזע נעכט.

ער טראַכט אויך, אַז ווען ער וועט שטאַרבן וועט קיינער נאָך אים ניט זאָגן קיין קדיש, ווייל ער האָט ניט מער קיינעם אויף דער וועלט. ווי אַ בליץ צערייסט די נאַכטיקע פינצטערניש, שלאָגט פּלוצלינג דורך אַ שטראַל פון דערמאָנונג דעם פינצטערן תהום פון זיינע זכרונות, ס׳איז יאָ פאַראַן אַ קדיש-זאָגער. ערגעץ-וואו אין ניו-יאָרק וואוינט אַ ווייטער קוזין און ער וועט זיכער זאָגן קדיש. אָבער ווי אַזוי געפינט מען אים ?

ווען יואל האָט געהערט פון חיים-משהן וועגן זיין קרוב האָט ער אים באַרואיקט און פאַרזיכערט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט אויפזוכן די קרובים דורכן זוך-אַמט, ביים צענטראַל-קאָמיטעט פון דער שארית-הפליטה אין דייטשלאַנד. און טאַקע באַלד אָפּגעשיקט אַהין חיים משה׳ס אַ בריוו מיט פּרטים וועגן קרוב.

קנייטשט רב׳ חיים-משה זיין שטערן, זאָרגט זיך וואָס ס׳איז נאָך אַלץ ניטאָ קיין תשובה וועגן געזוכטן קרוב, און טרייסט זיך דערמיט וואָס ער וועט, לכל-הפחות, שטאַרבן אויף זיין בעטל, צווישן יידן, און יואל וועט ביים קבר זאָגן קדיש נאָך אים.

עס זיינען אַריבער עטלעכע חדשים, דער ווינטער איז אַוועק, דאָס אייז האָט געלאָזן און דער פרילינג איז געקומען.

די סאָסנע-ביימער אין לאַגער האָבן זיך באַפרייט פון ווינטערדיקן שלאָף, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַלטע נאָדל-בלעטער און זיך באַדעקט מיט פרישע. די שטאַמען האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך דעם גוטן ריח פון זשיוויצע, וועלכן חיים-משה האָט גיריק אַריינגעצויגן אין זיך, ווי אַ דורשטיקער ביים טרינקען וואַסער. די ריחות האָבן אים אַביסל אויפגעמונטערט און דערהאַלטן ביים לעבן.

אין איינעם פון די דאָזיקע פרילינג-טעג האָט מען אים געבראַכט אַ בריוו אין וועלכן מען איז אים מודיע, אַז ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט דער קרוב, און ער ווערט געבעטן צו קומען פערזענלעך קיין מינכען, אָפּצונעמען אַ בריוו און אַ צוגעשיקטע געלט-איבערווייזונג פונעם קרוב.

ווי ליכטיק און זוניק ס׳איז געווען אינעם דרויסן אַזוי איז געוואָרן זיין געמיט און אַ גליקלעכער שמייכל האָט זיך צעלייגט צווישן די קנייטשן פון זיין פנים: ענדלעך זיך דערוואַרט אויפן קדיש-זאָגער.

צו-מאָרגנס האָט זיך חיים-משה געפעדערט. אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, אויף גיך עפּעס טועם געווען און באַצייטנס געלאָזט זיך גיין צו דער סטאַנציע. ער האָט מורא געהאָט, חס וחלילה, צו פאַרשפּעטיקן די באַן. קומענדיק אין שטאָט האָט ער זיך קוים אַריינגעשטופּט אינעם איבערפולטן טראַמוויי, וואו אַ יונגער דייטש האָט אים העפלעך אָפּגעטראָטן זיין פּלאַץ.

זיצט רב׳ חיים-משה אין טראַמוויי און קוקט אַרויס פון פענצטער אויף די חורבות פון דער שטאָט. אַ געפיל פון נקמה באַהערשט אים, נקמה פאַר די חורבות פון זיין שטעטל, פאַר זיין טאַרטאַק און פאַר די געשענדעטע מצבות אויפן בית-עולם, וואו עס רוען זיינע אָבות. בענטשט ער אין זיינע מחשבות די נקמה-נעמערס און זיינע ליפּן מורמלען צו זיך אליין: ״עין תחת עין, שין תחת שין״.

אין וואַגאָן קוועטשן זיך אַריין אַלץ מער דייטשן. זיי טרעטן אויף די פיס און אַנטשולדיקן זיך העפלעך. באַטראַכט ער נייגעריק זיינע וואַגאָן-שכנים, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געזען זייערע טריפה׳נע פּרצופים.

לינקס פון אים זיצט אַ דיקע, עלעגאַנט-געקליידעטע, דייטשקע און אויף אירע אויערן וויגן זיך גאָלדענע אויערינגלעך, אין וועלכע עס זיינען אַריינגעפּאַסט גרויסע ברילינאַנטן.

אַז חיים-משה האָט דערזען די אויערינגלעך האָט אים גענומען שווינדלען פאַר די אויגן. עס גלויבט זיך אים ניט; בייגט ער זיך אַלץ נעענטער צו דער דייטשקעס קאָפּ; האַלט איין דעם אָטעם: איז עס מעגלעך אַזאַ ענלעכקייט? און אפשר? אפשר איז עס טאַקע דאָס זעלבע? האַ? ניין! ניין! וויל ער זיך אַליין באַרואיקן און דאַך ווערט ער אַלץ מער באַהערשט פונעם געפיל, אַז דאָס איז רבקה׳לעס דרשה-געשאַנק. ער זוכט מיט זיין בליק דעם ריש מיטן למד, די אויסגעקריצטע איניציאַלן, אָבער ער געפינט זיי ניט. צי איז עס אַ טעות? די ברילינאַנטן פינקלען און לייכטן אַזוי וואַרעם ווי דעמאָלט ווען ער האָט זיי צוגעטראָגן רבקה׳לען נאָך איר חופּה. זיין אָטעם האַקט זיך אָפּ, דער הוסט שטיקט, אָבער ער פילט אים ניט. ער זעט ווי רבקה׳לע רייסט זיך צו אים פון גרוב אַרויס; אָט גייט זי צו צו אים מיט אָפּגעריסענע אויערן פון וועלכע עס פליצט בלוט, זיין בלוט. אַ היץ שלאָגט אים אין קאָפּ. ער רייסט זיך אויף פון אָרט און אַ דערשטיקטער געשריי רייסט זיך אַרויס פון זיין האַלדז:

— מ-ע-ר-ד-ע-ר!

דער טראַמוויי האָט אין מיטן גאַנג זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי עס וואָלט אין

אים פּלוצלינג אַ בליץ אַריינגעטראָפן, און איז שטיין געבליבן. דערשראָקענע זייגען פון אים געשפּרונגען די דייטשן איבער װעלכע ס'האָבן, װי צװיי פליגל פון אַ ריזיקן אָדלער, זיך צעפאָכעט צװיי הענט, װאָס האָבן אַרומגעכאַפּט דער דייטשקעס האַלדז און זי גענומען װערגן, אָבער באַלד געבליבן אָן באַװעגונג, זינקענדיק צום שמוציקן דיל.

— — — — — — — — — — — — — —

די זון האָט זיך אין איר שקיעה געלאָשן. שאָטנס האָבן זיך צעלייגט איבער דער שטאָט, איינװיקלענדיק גאַסן און מענטשן אין אַ שװערער מרה-שחורה.

איבערן אַספאַלט האָט זיך געגליטשט אַן אַמבולאַנס מיט רויטע צלמים, טראָגנדיק אין זיך, װי אַ קאָרטש פון אַ פאַרברענטן בוים, דעם שװאַרץ געװאָרענעם גוף פון דעם, װאָס איז אַמאָל געװען — רב' חיים-משה.

---

"סאַמאַגאָן" — אַליין געמאַכטער בראָנפן. "פּאָסיאָלאָק" — יישוב. "װאָשאַ-באַיקאַ" — לייז פאַרניכטער. אַריק — שמאָלע װאַסער קאַנאַלן. "טאָלקוטשקע" — אַ באַזאַר װוּ עס שטויסן זיך אַ סך מענטשן. "שפּאַנאַר" — יונגע פאַרברעכער. "טשאַיכאַנאַ" — טיי-הויז. "באַלכאַנאַ" — בוידעם-שטיבל.

# אַריק איז געקומען אהיים א גאנצער

גערוידמעט סג"מ ישראל געלבערזאָן, ז"ל

ס'איז געווען אַ וואונדערלעכער פרילינג-טאָג, אָנהייב אַפּריל, טויזנט-ניין-הונדערט-זיבן-און-זעכציק.

ווייסע וואָלקנדלעך האָבן זיך געטראָגן אויפן הימל, שטיפעריש זיך געשפּילט מיט דער זון, וואָס איז דעם טאָג געווען אַ מילד-גלעטנדיקע, און האָט ליבלעך געוואָרעמט די ערד.

די פרילינגדיקע שטימונג האָט זיך אויך איבערגעגעבן די מענטשן, פריילעכער געמאַכט דאָס געמיט; אַלץ האָט אויסגעזען יונג, פריש, פול מיט לעבנס-פרייד און גוטסקייט, כאָטש נעם אַרום און דריק צו צום האַרצן די אַלע, וואָס באַגעגענען דיך היינט מיט אַ גוטן שמייכל אויף זייערע פּנימער.

נאָר אויף די בערג פון גולן און זיי צופוסנס, אינעם טאָל, האָט מען יענעם טאָג ניט געפילט די פרייד פון פרילינג. שווערע פאַרטויבנדיקע אויפרייסן פון באָמבעס און שראַפּנעלן האָבן צעשטערט די שטילקייט פון די בערג, און ריזיקע וואָלקנס רויך פון שריפות האָבן פאַרטונקלט די זון און איינגעהילט די געגנט אין אַ פינצטערניש.

דאָס האָבן די סיריער אויף די גולן הייכענישן מיט פייער און טויט פּרובירט אָפּשטעלן די אַרבעט פון די טראַקטאָרן אונטן אינעם טאָל, אויף וועלכע יונגע יידישע בחורים זיינען אַרויס צעאַקערן זייער באָדן און צוגרייטן אים צום פרילינגדיקן פאַרזיי.

אָבער אויך דאָס פייער האָט ניט געהאָלפן: די טראַקטאָרן האָבן ממשיך געווען, שורה נאָך שורה, אויפצורייסן די בתולה-ערד צוזאַמען מיט אירע ווילדע דערנער. דער פּעטער באָדן האָט זיך צעגלאַנצט ווי טונקעלער קופּער, געשטאָכן די אויגן פון די סיריער און זיי ממש אַרויסגעפירט פונעם גלייכגעוויכט.

פונעם צפון, פון ערגעץ-וואו אויף יענער זייט פון די גולן בערג, האָבן מיט אַ מעכטיקן רוישן פון די מאָטאָרן זיך אָנגעטראָגן עראָפּלאַנען, צו זייען טויט און חורבן אויף די פרידלעכע יידישע יישובים אינעם טאָל.

זיינען באַלד אָקעגנגעפלויגן עטלעכע יידישע "מיראַזשן". די ברייטע הימלען זיינען ווי איינגעשרומפּן געוואָרן, דער וועג אויף צוריק אָפּגעשניטן און איינער

נאָכן אַנדערן האָבן זעקס "מיגן", ווי שווער-פאַרוואונדעטע רויב-פייגל, געקראַכט צו דער ערד אין גסיסה צאַפּלענישן און באַדעקט מיט זייערע שפּליטערס די אַרומיקע הייכענישן.

די מענטשן אין די אַרומיקע יישובים, וועלכע האָבן אָבסערווירט דעם קורצן קאַמף אין די הימלען, האָבן געיובלט, געשיקט לופט-קושן צו די פליערס און געלאָפן אַנזאָגן די בשורה צו די קינדער און פרויען אין די בונקערס. דעם שונא׳ס שטאָלץ איז געלעגן צעשמעטערט און זיך ממש גערייצט מיט אים.

נאָר אויף איין אָפּשניט פונעם לאַנג-צעצויגענעם פייער-פראָנט האָט מען ניט געפילט דעם זיסן טעם פון נצחון. אויף די היגלען פון קיבוץ האון האָט זיך צעוואָיעט די סירענע פון אַ מיליטערישן אַמבולאַנס, יאָגנדיק אין שפּיטאָל אַריין מיטן קערפּער פונעם טויטלעך-פאַרוואונדעטן צה״ל-אָפיציר: שרוליק.

— — — — — — — — — — — — — —

יענעם פרייטיק איז אַריק, דער צה״ל זעלנער, געקומען אַהיים אויף שבת, נאָך דעם ווי ער איז אַ לאַנגע צייט ניט געווען אין שטוב, צוליב איינעם פון די אַרמיי-קורסן.

מיט שפּאַנונג און אמתער שמחה האָט ער זיך צוגעהערט צו די ידיעות וואָס דער ראַדיאָ האָט געבראַכט וועגן דעם נצחון פון די ישראל-פליער. פּלוצלינג, ווען מען האָט איבערגעגעבן דעם נאָמען פונעם געפאַלענעם אָפיציר, איז ער געוואָרן בלייך, אַנגעהויבן צו ציטערן און אַ ספּאַזמאַטיש געוויין האָט אים גענומען שטיקן: זיין בעסטער און אינטימסטער חבר, שרוליק ,איז געפאַלן.

שרוליק, דער בלאָנדער, שטאָלצער בחור, דער בלוי-אויגיקער און שיינער, דער שטענדיק גוטמוטיקער און פריילעכער חבר זיינער, וואָס איז געווען פול מיט האָפענונגען און פּלענער, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער, איז מער ניטאָ און מער וועט ער אים ניט זען.

ליגט אַריק אויפן בעט און וויינט אַריין אין די געביילטע פויסטן. זיינע אַקסלען צוקן און די ליפּן מורמלען עפּעס צו זיך אַליין, חזרן איבער אומצייליקע מאָל דאָס איינציקע וואָרט:

— נקמה!!

צומאַרגנס, ווען מען איז געזעסן אין אַ שווער-געדריקטער שטימונג ביים טיש און געגעסן דעם שבתדיקן מיטאָג האָט אַריק זיך אָנגערופן:

— מען דאַרף זיי אַלעמען אָן רחמנות באַשטראָפן די סירישע מערדער. קיין איינעם פון זיי ניט איבערלאָזן! קיין שריד זאָל ניט בלייבן פונעם דאָזיקן רוצחים-פאָלק!

דער טאַטע האָט אַ ציטער געטאָן. די ווערטער וואָס ער האָט נאָר-וואָס

געהערט האָבן אים אויפגעטרייסלט. זיין גאַנץ לעבן טראָגט ער אין זיך דעם גלויבן אין אַ יושרדיקער וועלט און די ליבשאַפט צום מענטש — וואָס איז באַשאַפן אין דער געשטאַלט פון גאָט אַליין. דעם גלויבן האָט ער זיך באַמיט איינצופלאַנצן אויך אין זיינע קינדער, און ער איז זיכער געווען אַז די קינדער פילן דאָס זעלבע וואָס ער און וועלן אָן-ספק טראָגן ווייטער דעם גלויבן וואָס ער האָט אין זיי פאַרפלאַנצט. און וואָס הערן איצט זיינע אויערן?

ער האָט איבערגעריסן דאָס עסן, האָסטיק זיך אַ קער געטאָן צום זון און געענטפערט אויף זיינע ווערטער:

— ניין, זון מיינער, דו האָסט אַ טעות. איך ווייס, אַז דו ביסט איצטער פאַרביטערט און גייסטיק צעבראָכן, אָבער מען טאָר ניט פאַרפירט ווערן פונעם ביטערן געפיל פון נקמה ביז צום פאַרלירן די חושים. פאַרניכטן צוליב נקמה איז אַ שרעקלעכער פאַרברעכן און מען טאָר אַפילו ניט טראַכטן וועגן דעם. באַזין זיך מיין זון און טראַכט זיך גוט אַריין אין מיינע ווערטער.

אַריק האָט פּרובירט זיך פאַרטיידיקן, געוואָלט באַווייזן, אַז די סיריער זיינען גרייט אויסצושעכטן די יידן ביזן לעצטן און מען טאָר אויף זיי ניט האָבן קיין רחמנות.

— ווי אַזוי קענט איר, דער אַלטער דור, אונדז פאַרשטיין? האָט ער פאַרענדיקט דעם וויכוח, איר זייט דאָך גלות-יידן, צוגעוואוינט צו פאַרשוייגן עוולות, אונטערצושטעלן די פּלייצע ווען מען האָט אייך געשלאָגן, אַבי איבערצוקומען, אַבי אויסצוהאַלטן. מיר, סאַברעס, קענען אייך ניט פאַרשטיין און איר אונדז אַוודאי ניט.

ס'איז שטיל געוואָרן ביים טיש. אַלע זיינען פאַרזונקען געוואָרן אין מחשבות, יעדער איינער האָט זיך געמאַכט זיין חשבון-הנפש. באַר דער צער און טרויער אויף שרוליקן האָט אַלעמען פאַראייניקט.



עס זיינען אַריבער נאָר געציילטע צוויי חדשים; דער מילדער פרילינג איז אַוועק און מיט אים צוזאַמען די רואיקייט און די פרידלעכע שטימונג ביי די מענטשן אין לאַנד. צוזאַמען מיט דער גליאיקער זון, וואָס האָט געשרפהעט איבער ישראל האָט זיך אָנגעצונדן די שריפה פון מלחמה.

די שטעט און יישובים אין לאַנד זיינען געוואָרן אויסגעליידיקט פון יונגע מענטשן, וועלכע זיינען איצט געלעגן אויף די גרעניצן, גרייטע צו באַשיצן דאָס יידישע לעבן און דאָס יידישע לאַנד, קעגן דעם ריזיקן קאָנצענטרירטן כוח פונעם מצרישן שונא און די אַנדערע, שווער באַוואָפנטע, אַראַבישע אַרמייען.

דעם פינפטן יוני האָט זיך די מלחמה צעפלאַקערט און פיר טעג שפּעטער,

פרייטיק, דעם ניינטן יוני, זיינען שוין די ישראל זעלנער געשטאַנען ביי די ברעגן פון סועץ און ביים מערבדיקן ברעג פון ירדן. די אַרמייען פון די מצרישע און ירדנישע שונאים, וועלכע האָבן זיך פון פאַראויס פאַרטיילט מיט דער ישראלדיקער ירושה, זיינען געלעגן צעשמעטערטע און האָבן זיך געבעטן אָפּצושטעלן דאָס פייער. ביים כותל-מערבי אין דער אַלטשטאָט פון ירושלים האָבן געשאַלט די שופרות און יידישע ליפּן האָבן מיט ציטער געקושט די אַלטע, שוואַרצע שטיינער.

דעם זעלבן פרייטיק זיינען די בערג פון גולן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בראַנדיקע וואולקאַנען, וואָס האָבן געשפּייט מיט פייער און שוועבל.

איבער די בערג האָבן זיך געטראָגן ישראל-עראָפּלאַנען; זייערע באָמבעס האָבן געריסן די געפּאַנצערטע פעסטונגען פונעם שונא, פאַרניכטעט זיינע לאַגערן, אַנגעיאָגט אויף אים שרעק און פּאַניק.

הונדערטער האַרמאַטן-פּיסקעס פון ביידע זייטן פּראַנט האָבן זיך צעבילט און פאַרטויבט די גאַנצע געגנט אַרום. ס'האָבן געברענט הייזער און שטאַלן אין די יידישע יישובים, פאַרוואונדעטע קי און שעפּסן האָבן געברעוועט און ס'איז ניט געווען ווער עס זאָל זיך אויף זיי אומקוקן.

ווען ס'איז אין די מיטאָג-שעה'ן געפאַלן דער באַפעל "נוע", (רירן), האָבן פון די וועלדלעך, סעדער און פּלאַנטאַציעס גענומען זיך אַרויסשיילן פון זייערע מאַסקיר-נעצן די געפּאַנצערטע קאָמאַנדאָ-טרעגערס און טאַנקען. זיי האָבן מיט אימפּעט זיך אַ לאָז געטאָן צו די הייכקייטן פון גולן, צעמאַלנדיק מיט זייערע קייטן די שוואַרצע באַזאַלט-שטיינער.

צוזאַמען מיט די פּאַנצער טיילן האָבן זיך אויך געלאָזט לויפן באַרג-אַרויף, אַנטבלויזטע קעגן שונאס פייער, די פוסגייער טיילן פון דער "גולני" דיוויזיע און די רעזערוויסטן. זיי האָבן אָנגעגריפן דעם שונא'ס פאַרפעסטיקונגען, געמאַכט אין אים דורכברוכן, זיך אַריינגעריסן אין די פאַרבינדונגס-קאַנאַלן און אין די געפּאַנצערטע בונקערס.

די הייכקייטן זיינען פאַרזייט געוואָרן מיט שווערע מיליטערישע מאַשינען, אויפגעריסענע אויף די מינען-פעלדער. פאַרוואונדעטע זעלנער האָבן זיך גע-קאַרטשעט אין ווייטיקן און אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, ביז די סאַניטאַרן האָבן זיי אויפגעזאַמלט און געבראַכט צו די מעדיצינישע זאַמל-פונקטן. אויף די פאַר-צוימונגען פון שטעכלדראָט האָבן זיך געוויגט די טויטע קערפּערס פון יונגע מענער אין מאַסקיר-קליידער און איבער זיי זיינען אָן אָפּשטעל געשפּרונגען זייערע חברים, טראָגנדיק זיך פאַראויס אַנטקעגן דעם שונא.

אין איינער פון די אָנגרייפנדיקע אָפּטיילונגען האָט זיך אויך געפונען אַריק. מיט אַ שעה פריער איז ער נאָך געזעסן אין אַ קליינעם "פּייפּער" עראָפּלאַנדל, זיך געטראָגן איבערן שונא'ס פּאָזיציעס אויפן באַרג און רעגולירט דעם פייער פון די ישראלדיקע האַרמאַטן, געקערעוועט אים אויפן שונא און זיינע פאַרפעסטיקונגען. אַרום אים האָט געהאָגלט מיט פייער, דאָס האָבן די

סיריער באַשאָסן דעם "פּייפּער", געצילט פון פאַרשיידענע כלים און געשאָלטן וואָס זיי קענען אין אים ניט אַריינטרעפן.

דורכן פאַרבינדונגס-אַפּאַראַט האָבן דערגרייכט צו זיינע אויערן די געשרייען און באַפעלן פון די שלאַכט-קאָמאַנדירן. דער פייער פוןביידע זייטן האָט ממש געבריט זיין אָטעם און ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער וועט שוין פונעם פייער ניט אַרויס.

ווען ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פעלד און מען האָט אים דערמעגלעכט זיך אָפּצורוען, האָט ער געבעטן אַ דערלויבעניש אַרויפשטייגן אויפן באַרג צוזאַמען מיט די אָנגרייפנדע פוסגייער.

טראָגט ער זיך איצטער פאָראויס. לויפט אויפן באַרג און פילט אַפילו ניט ווי עס רייסן זיך אַרום אים באָמבעס און שראַפּנעלן. דווקא איצטער האָט ער זיך דערמאָנט וועגן שרוליקן, וואָס איז געפאַלן צופוסנס דעם דאָזיקן באַרג. ער דערמאָנט זיך ווי איינמאָל בשעת אַ שפּאַציר אויפן "מצפּה-הימים" (אויסבליק אויף די ימען), האָט אים שרוליק אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב ליב דאָס לאַנד ביז משוגעת; אפשר איז עס מליצה, נאָר איך בין גרייט אָוועקצוגעבן מיין לעבן פאַרן דאָזיקן לאַנד.

ער האָט דעמאָלט געלאַכט פון אים, געלאַכט פון זיין "שוויץ" און אָט לויפט ער איצטער נקמה נעמען פאַר שרוליקס פאַרשניטן לעבן.

אַריק האָט זיך אַריינגעריסן אין די געפּאַנצערטע פּאָזיציעס. געדרייט זיך אינעם פּלאָנטער פון די פאַרבינדונגס-קאַנאַלן און זיי אָפּגערייניקט פונעם שונא. אַרום אים זיינען געלעגן טויטע און פאַרוואונדעטע, ס'איז אָבער קיין צייט ניט געווען זיך אומצוקוקן אויף זיי, מען האָט געמוזט וואָס גיכער פאַרענדיקן מיטן שונא, איידער ער וועט קומען צו זיך.

נאָכן פאַרנעמען די ערשטע פייער-ליניעס, האָבן זיך די אָפּטיילונגען באַוועגט פאָראויס אויפן וועג צו קונעטרא. אין איינעם פון די דערפער האָט מען פון די הייזער געעפנט אויף זיי מיט פייער. אַריק איז צוגעלאָפן צו אַ הויז, האָט מיט אימפּעט אויפגעריסן די טיר און אַריינגעוואָרפן אַן אָפענעם גראַנאַט. ווען ער איז נאָכדעם אַריין אין הויז האָט ער צווישן די געהרגעטע זעלנער און אָפיצירן אויך דערזען די צעקאַליעטשעטע גופים פון פרויען און אַ קינד. מיט איינמאָל האָט זיך זיין קאָמפּס-גייסט אויסגעלאָשן. ער האָט דערפילט אַ זויערקייט אין מויל, איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן און אָנגעהויבן צו ברעכן. ס'האָט אים אַרומגענומען אַ געפיל פון צער און פאַרדרוס. — הייסט עס, האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין, אַז כ'האָב דערהרגעט פרויען און אַ קינד, אַ קינד... ער האָט זיך געפילט שולדיק אין דעם וואָס ס'איז געשען, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט ער זיך געלאָזט גיין צו זיין איינהייט.

אין אַ בריוו צו די עלטערן האָט אַריק דעם זעלבן טאָג געשריבן:

"כ'בין איצט אינגאַנצן גייסטיק צעטרייסלט. איך האָב דערזען דעם אמתן פּנים פון דער מלחמה און ס'איז מיר שווער צו באַגרייפן אַז כ'האָב אוועקגענומען דאָס לעבן פון פּרויען און אַ קליין קינד. כאָטש ס'איז געשען קעגן מיין ווילן דריקט עס אויף מיר ווי אַ שווערע משא און כ'קען זיך ניט באַפרייען פונעם דאָזיקן ביטערן געפיל".



ס'איז שטיל געוואָרן אויפן גולן. דער שונא איז אַנטלאָפן און אויפן באַרג האָבן איצט גערוט די מידע שלאַכטלייט פון ישראל.

איבער די סירישע לאַגערן האָט געפלאַטערט די ווייס-בלויע פאָן און די דערפער זיינען געשטאַנען אויסגעליידיקטע פון זייערע תושבים, וועלכע זיינען זיך צעלאָפן פון מורא, כאָטש קיינער אין ישראל האָט ניט געהאַט בדעה זיי אַנצורירן און פאָדערן אַ חשבון פאַר זייערע מעשים.

אַלע וועגן, לאַגערן און קאָנצענטראַציע-פּונקטן פון דער אַרמיי זיינען שטרענג באַוואַכט געוואָרן פון מיליטער, אָפּצוהיטן פון אַן אומגעריכטן איבערפאַל.

ס'איז געווען די צווייטע נאַכט נאָכן פייער איבעררייס. אויפן גולן האָט געהערשט אַ פּולשטענדיקע פינצטערניש; ס'האָט זיך ניט געזען קיין סימן פון אַ לעבעדיקן מענטשן, אַ פייערל וואָס זאָל אָנדייטן אויף אַ מענטשלעכן יישוב. נאָר דאָס וואָיען פון די שאַקאַלן האָט זיך געהערט אין דער נאָענט, דאָס האָבן זיי געפייערט אַ סעודה מיט די טויטע גופים פון די נעכטיקע אַכזריותדיקע הער-שערס, וועלכע מען האָט נאָך ניט באַוויזן צו באַגראָבן.

אַזייגער צוויי ביינאַכט איז אַריק צוגעקומען מיט אַ מיליטערישן דזשיפּ צו איינעם פון די לאַגערן און נאָכן אָנגעבן דעם געהיימען פּאַראָל האָט ער זיך געלאָזט גיין דורכן פינצטערן לאַגער צו איינעם פון די בנינים.

פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַ פאַרדעכטיקן גערויש. ער האָט אָנגעשפּיצט זיין געהער, צוגעדריקט דעם פינגער אויפן ציינגל פון "עוזי" און זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, בבחינת אַ "רואה ואינו נראה".

פון הינטער אַ בנין האָט זיך עפּעס דערנעענטערט, אַ חיה אָדער אַ מענטש וואָס קריכט אויף אַלע פיר. אַריק האָט שוין געוואָלט אַ דריק טאָן דאָס ציינגל און עפענען אַ פייער, נאָר עפּעס אַ געהיימע קראַפט האָט אים ווי אָפּגעהאַלטן דערפון. פאַרגעסנדיק אַלע כללים פון פאָרזיכטיקייט האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— ווער איז דאָרט? שטיי!

אויף זיין געשריי האָט אים אָפּגעענטפערט דאָס געוויין פון אַ קינד, וואָס איז פון שרעק שטיין געבליבן אויף אַן אָרט.

אַריק האָט פֿאַרגעסן וועגן יעדע געפֿאַר. ער איז צוגעקומען צום קינד און האָט דערזען פֿאַר זיך אַן אַראַביש יינגעלע פֿון אַ יאָר פֿיר, בערך, וואָס איז זיך פֿאַרגאַנגען אין געוויין פֿון הונגער און דורשט.

ער האָט אַרויפֿגעזעצט דאָס קינד צו זיך אויפֿן שויס, אַרויסגענומען זיין "אייזערנע פּאַרציע", און גענומען אים קאָרמענען. דאָס יינגעלע האָט געשלונגען דעם עסן און קוים געקענט זיך זעטיקן. נאָכדעם האָט אים אַריק געגעבן צו טרינקען פֿון זיין וואַסער-פֿלאַש, אַרומגעוואַשן דאָס פּנימל, אויסגעשפּרייט זיין קאָלדרע און אַוועקגעלייגט אויף איר דאָס מידע קינד, וואָס איז באַלד איינגע-שלאָפֿן.

צומאָרגנס האָט ער באַקומען אַ דערלויבעניש צו האַלטן דאָס קינד נעבן זיך. ער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט ביי די ווינציק-פֿאַרבליבענע אַראַבער וועגן קינד, אָבער קיינער האָט עס ניט געקענט און ס'איז מער קיין ספֿק ניט געווען, אַז די עלטערן האָבן עס פֿאַרלאָרן ביים אַנטלויפֿן, אָדער זיינען אומגעקומען אינעם מלחמה-פֿייער.

דאָס יינגעלע האָט זיך צוגעבונדן צו אַריקן און זיך וואָרעם געטוליעט צו אים. ס'האָט אויך אויפֿגעהערט מורא צו האָבן פֿאַר די פֿרעמדע באַוואָפֿנטע מענטשן, וועלכע האָבן אים געגעבן עסן און אַפֿילו געקאָרמעט מיט צוקערלעך און שאָקאָלאַד.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אַריק דאָס קינד אַריינגעגעבן צו אַ פֿאַרבליבענער אַראַבישער משפּחה, אין איינעם פֿון די דרוזישע דערפֿער אויפֿן גולן. ער האָט דאָרט אויך איבערגעלאָזט אַ זעקל מיט פּושקעס קאָנסערוון — אַ מתּנה פֿון צענדליקער צה"ל זעלנער.

ווען אַריק איז אַ וואָך נאָך דער מלחמה, אַ פֿאַרוואָקסענער און שמוציקער, געקומען אַהיים און האָט זיך צעקושט מיט די עלטערן האָט ער זיך אָפּגערופֿן צום טאַטן:

— די מלחמה איז שרעקלעך! כ'האָב אָבער געזען אַזויפֿיל בלוט און טויטע, פֿאַרקריפּלטע קערפּערס פֿון מיינע חברים און אויך פֿון אונדזערע שונאים אַז ס'האָט אויפֿגעהערט צו ווירקן אויף מיר. באָר דאָס גרויזאַמסטע וואָס כ'האָב געזען איז געווען אַ פּיצל אַראַביש קינד, עלנד און פֿאַרלאָזן, הונגעריק און דורשטיק, וואָס האָט אַריינגעוויינט אין דער נאַכט דעם גאַנצן גרויל פֿון דער מלחמה. אוי ווי שרעקלעך ס'איז די מלחמה!

דער טאַטע האָט אויסגעהערט זיינע ווערטער און גאָרניט געענטפֿערט נאָר צוגעדריקט אים צום האַרצן און פֿון זיינע אויגן זיינען גערונען טרערן, פֿון פֿרייד וואָס דער זון איז צוריקגעקומען אַהיים אַ געזונטער און אַ גאַנצער, אַזאַ ווי ער האָט אים דערצויגן.

# אשרי שזכינו...

זיין בריוו צו איר:

„כ׳דערמאָן זיך,
אַ יונגע לערערקע מיט אַ גיטאַרע, מיט געזאַנג אויף די ליפּן...
אַ קליין צימערל,
אַ פאַרטרוימט און פאַרליבט בחורל...
כ׳וויקל פאַנאַנדער די זכרונות און שפּין פונדאַסניי די טעג פון מיין יוגנט.״

איר ענטפער:

„איך האָב ניט פאַרגעסן...
אַ ליבער בחור מיט ברענענדיקע אויגן, אַן אידעאַליסט, אַ שווייגער...
איך בין איבערראַשט און דאַנקבאַר פאַר די וואַרעמע שורות.
כדי דיר אויסצוזינגען די לידער, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן, דאַרפן מיר זיך טרעפן, נאָך אַן איבעררייס פון דריי און דרייסיק יאָר.
אשרי שזכינו!״

האָלט ער דאָס בריוול, לייענט די אָפּגעהאַקטע, קורץ-אָטעמדיקע שורות און אַ וואַרעמער געפיל דריקט צונויף דאָס האַרץ.
אויף אַן אויגן-וויע גלאַנצט אַ טרער.
דריי און דרייסיק יאָר...



אַ שנייאיקער ווינטער-פאַרנאַכט; פּוכיקע וואָלקנס קנוילן זיך אויפן הימל, דעקן צו די שוואַרצע קופּאָלן פון גרויסן מאָנאַסטיר אויף סובאָטש. די „הייליקע מוטער״ פון „אָסטראַבראַמאַ״, קוקט אַראָפּ, אַ פאַרגליווערטע פון קעלט, אויפן אויסגעליידיקטן געסל און קען ניט פאַרשטיין וואו עס זיינען פאַרשוואונדן די קניענדיקע מתפּללים. אַפילו דער נר-תמיד, וואָס ברענט אַרום איר, קען זי ניט דערוואַרעמען. טונקט זיך דאָס פלעמל מיט אַ רויטלעכן שיין, און קעמפט קעגן דער אָנקומענדיקער פינצטערניש.

אויפן באָסאַטשקאָווע פלעצל יאָגן אַרום קינדער, וואַרפן זיך מיט „שנעזשקעס״

און זייער קאַמפּס-געשריי צעטראָגט זיך ווייט, ווייט, צעקייקלט זיך מיט אַן עכאָ איבער די אַרומיקע גאַסן.

אַנגעטאָן אין אַ ברוינער קורטקע, ברידזש-הויזן, מיט הייכע, ברוינע, ספּאָרט-שיך, און אַ ציקליסטן-היטל אויפן קאָפּ, איילט ער מיט שנעלע, כמעט האַלב-לויפנדיקע, טריט. אַ ווײַלע בלײַבט ער שטיין אויפן פּלעצל, באַטראַכט די קינדער און האָט חשק אַ שפּיל טאָן זיך מיט זיי אין דער שנייאיקער מלחמה. אָבער ער באַהערשט זײַן פאַרלאַנג און טראָגט זיך נאָך אײַליקער איבער דער סטעפּאַן-גאַס, צו זײַן מיידל, אין איר קליינעם, וואַרעמען צימערל.

ס׳עפנט זיך די טיר און אַ פּאָר וואַרעמע הענט פאַרפּלעכטן זיך אַרום זײַן האַלדז, ציען טיפער אינעם צימערל אַרײַן. איר הייסער אָטעם בריט זײַנע ליפּן און איר שטימע פּיעשטשעט זיך:

— שלעכטער דו, פאַרוואָס אַזוי שפּעט?

זי האָט ליב צו ריידן, דערציילן, אויספרעגן און אַרײַנטענהען. זי איז קלוג און אינטערעסאַנט. זי איז פאַרגלויבט אין דער רעוואָלוציע און וויל אויך אין אים פאַרפלאַנצן דעם דאָזיקן גלויבן.

ער איז אַ שווײַגער; ענטפערט ווינציק אויף אירע אַרגומענטן, צו וואָס דאַרף ער זיך אַמפּערן, אַז סײַווי וועלן זיי איינער דעם צווייטן ניט איבערצייגן, אַז ביידע זײַנען גלויביקע עקשנים.

אויף דער שמאָלער קושעטקע איז קוים דאָ אַן אָרט פאַרביידן. זיי ליגן אײַנגעטוליעט איינער אינעם צווייטן, פאַרפלאָכטן און אײַנגעקלעמט ביז צום פאַרלירן די חושים.

— ליבסטע!

— טײַערער מײַנער!

ער בייסט אירע ליפּן, נאָגט פון זיי די זאַפטן; זײַנע פינגער זוכן נאַקעטע טיילן פון איר לײַב; זיי פיבערן איבער איר קערפּער און צינדן אין אים אַ פײַער. זי דריקט זיך נאָך שטאַרקער צו אים:

— בייס טײַערער, עס מיך אויף...

פּלוצלינג גליטשט זי זיך פּלינק אַרויס פון זײַנע אָרעמס — זי האָט מורא פאַר זיך אַליין, דאָס פײַער זאָל זי ניט פאַרברענען. זי שפּרינגט אויף, גיט אַ נעם די גיטאַרע, שטעלט זיך אַוועק ביים הייסן קאַכל-אויוון, אַזוי ווי זי איז, — מיט צעשויבערטע האָר, צעקנוידערטע קליידער און מיט אַן אָפן בלוזקע, פון וועלכער עס בלייכן אַרויס, אינעם טונקל, אירע ברוסטן. דאָס צימערל ווערט פול

מיט איר האַרציק געזאַנג; די גיטאַרע ציטערט אונטער אירע פינגער, די טענער וויברירן, צאַפּלען און בלייבן הענגען אינעם חלל פון צימער.



דריי און דרייסיק יאָר...

מלחמות, חורבן, פּאַרטיזאַנקע, פּראָנטן און שלאַכטן, וואַנדערונגען איבער גרעניצן, מדינת ישראל.

דריי און דרייסיק יאָר...

זיין גלויבן האָט זיך אַלץ ניט געבראָכן. ס'איז פאַראַן אַ באַלוינונג פאַר עקשנות, פאַר איינהאַלטן די אמונה.

מדינת ישראל...

און זי?...

אין חורבות ליגט איר אויסגעטרוימטע וועלט. די ליכטיקסטע האָפענונגען, יוגנט-חלומות — אַ שוואַרצע וואָר.

ביידע אָטעמען היינט די זעלבע לופט, ביידע אונטער דעם זעלבן הימל.

דריי און דרייסיק יאָר...

ער קוקט אינעם שפּיגל, וואו זיינען די ברענענדיקע אויגן?

ווי זעט זי אויס?...

דאָס האַרץ קלאַפּט, ציטערט, און צאַפּלט, ווי אַמאָל די טענער פון דער גיטאַרע אונטער אירע איידעלע פינגער.

די טרער פאַלט אַראָפּ און אַ צווייטע קומט אויף איר אָרט...

דריי און דרייסיק יאָר...

אשרי שזכינו!!!

# הארבסט אין צפת

דיביימער שטייען אָפּגעגליטע. די היץ איז אַוועק פון זייערע אָדערן און מען פילט ווי זיי לעבן אויף מיט פרישע זאַפטן.

די בערג הילן זיך אין סודותדיקע שאָטנס, וועלכע ליגן אַ גאַנץ זומער פאַרטייעט ערגעץ-וואו צווישן די שפּאַלטן און וואַדיס. אין די פאַרנאַכטן צינדן זיך די בערג-שפּיצן מיט גאָלד-פלאַמען און אַ ווינטל צעבלאָזט זיי, צעטרייבט זיי איבער צפת, פאַרבט די דעכער אין גאָלד-פאַרב און אַפילו די מענטשלעכע פּנימער זעען אויס ווי ברענענדיקע פלאַמען.

די נעכט זיינען ליכטיקע; די בערג באַדעקטע מיט אַ בלייכער שיין און די ביימער שטייען געהילטע אין ווייסע טליתים און זיינען מתפלל, שאָקלען זיך פרום — הין און צוריק — אין עקסטאַזיקער קדושה, גלייך ווי די פאַרשוואונדענע צפתער מקובלים און קדושים וואָלטן געקומען בענטשן צפת, די שטאָט פון בראשיתדיקן באַשאַף, מיסטישע חלומות און געטלעכער אָנרעגונג פון ניט איבערגעריסענער יצירה אין אַלע אירע פאָרמען.



# יידישע שרייבערס

## הערץ בערגנער

אַז ליטעראַטור שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן איז אונדז אַלעמען באַוואוסט. דער שרייבער ברענגט צום אויסדרוק אין זיין שאַפן דאָס לעבן מיט אַלע פּראָבלעמען, ראַנגלענישן און קאַמפן. וואָס גרעסער דער שרייבער, אַלץ עכטער, אמתדיקער און רעאַליסטישער שילדערט ער דאָס לעבן, אַלץ טיפער קען ער אַריינבליקן אין אים און זיך דערגרונטעווען צו די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון דער מענטשלעכער נשמה.

די סביבה אין וועלכער דער שרייבער לעבט און שאַפט באַווירקט אים זי רעגט אַן, סטימולירט, גיט אים, אַן ספק, טעמאַטישן שטאָף, צעאַקערט אין אים דעם באָדן פאַרן ליטעראַרישן פאַרזיי און ברענגט אַרויס די העלדן דורך וועלכע ער באַקומט זיין קינסטלערישן תיקון.

— — — — — — — — — — — — — —

אין יאָר 1938, פאַרלאָזט הערץ בערגנער פּוילן. ער איז שוין דעמאָלט אַן אָנערקענטער דערציילער, איינער פונעם יונגן דור פּראָגרעסיווע יידישע שרייבערס, מחבר פון אַ בוך דערציילונגען "שטובן און גאַסן", אין וועלכע ער שילדערט געזונטע און עכטע געשטאַלטן פון יידישע פאָלקס-מענטשן, וועלכע פירן אַ ביטערן קאַמף פאַר זייער קיום, אָבער דערביי פאַרלירן זיי ניט דעם מענטשלעכן פּרצוף, קלאַמערנדיק זיך מיט ציין און נעגל אין דער גרויסער גייסטיקער ירושה פון יידישקייט.

הערץ בערגנער פאַרלאָזט דאָס לאַנד פון זיין געבורט און דאָס לאַנד אין וועלכן ער איז אויפגעקומען ווי אַ שרייבער, ווייל ער האָט אינטואיטיוו אַרויס-געפילט דעם אָנקום פון אַ שרעקלעכן שטורעם, וואָס וועט ביזן יסוד חרוב מאַכן דאָס יידישע לעבן אין אייראָפּע. ער ווערט אַרויסגעריסן און אויסגעוואָרצלט פון זיין סביבה און אַריינגעוואָרפן אַן עלנטער אינעם ווייטן און קליינעם יידישן יישוב פון אויסטראַליע, אַ פאַרזונקענעם אינעם ווילדן געיעג זיך אַרויפצואַרבעטן, רייך ווערן און געניסן מיט דער ברייטער האַנט פון אַלע עולם-הזה'דיקע פאַרגעניגנס.

דער פּראָצעס פון איינלעבן זיך אין אַ נייער סביבה און שלאָגן אין איר וואָרצלען, איז, בדרך-כלל, אַ לאַנג-דויערנדיקער און ווייטיקדיקער. אָבער דער וויטאַלער כוח פון אַן אמתן קינסטלער באַשטייט דאָך אין דעם, וואָס ער קען שלאָגן וואָרצלען אַפילו אויף אַ שטייניק-פעלדזיקן באָדן, ציען פון אים יניקה, וואַקסן, זיך אַנטוויקלען און צייטיקן.

אַ קורצע צייט נאָך זיין קומען קיין אויסטראַליע איז הערץ בערגנער שוין באַקאַנט ווי דער וויכטיקסטער דערציילער און שילדערער פונעם דאָרטיקן יידישן לעבן מיט זיינע יידן, עמיגראַנטן און אַלט-איינגעזעסענע ענגלישע "יאַהודים", — שטאָלצע מיוחסים, וועלכע האָבן זייער אַ סך בייגעטראָגן צו דער עקאָנאָ-מישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון אויסטראַליע.

אין יאָר 1941 — קוים אַ פּאָר יאָר נאָכן לאַנדן אויף דעם אויסטראַלישן באָדן — דערשיינט אין מעלבורן זיין בוך "דאָס נייע הויז", נאָוועלן און דערציילונגען פון יידישן לעבן אין אויסטראַליע. אַ ווייטער יידישער יישוב ווערט דווקא אין די טעג פון גרויסן חורבן אַריינגעפירט אין אונדזער ליטעראַטור און באַקומט אין איר זיין קינסטלערישן תיקון.

אָבער הערץ בערגנער איז נאָך אויך ניט אַוועק פון זיינע פּוילישע יידן. די זאַפּטן פון דאָרט נערן אים נאָך אין דער פרעמד; די בענקשאַפט גיט אים ניט קיין רו, און אין זיין ערשטן אויסטראַלישן בוך קערט ער זיך נאָסטאַלגיש אום אויך צום יידישן לעבן אין פּוילן. דער היינט איז ביי אים ניט אָפּגעריסן פונעם נעכטן, און ביידע זיינען זיי געקניפּט און געבונדן מיט דער גורל-געמיינזאַמקייט פון יידישן לעבן.

דער העברעאישער שרייבער יהושע בר יוסף האָט צווישן זיינע ווערק אַ דערציילונג מיטן זעלבן נאָמען "דאָס נייע הויז". אויך ער ברענגט אַרויס דעם פאַרלאַנג פון זיין העלד אויסצובויען פאַר זיך אַ שענערע און באַקוועמערע הויז. ביידע דערציילונגען ברענגען אַרויס די פאַרשיידנאַרטיקייט און אַנדערשקייט פונעם יידישן לעבן, כאָטש די באַוועג-קראַפט וואָס שטויסט זייערע צוויי העלדן איז כמעט די זעלבע: ביי בערגנערן איז דאָס דער ווילדער גייִסטיק פונעם אַרויפגעאַרבעטן עמיגראַנט פון פּוילן, מיסטער האָבער, צו אַרויפדראַפּען זיך גיכער און העכער פון אַנדערע, אַפילו פון זיין אייגענעם זון, ביז ער געפינט זיין טויט און איז ניט זוכה אַריינצוגיין אין דאָס נייע הויז, — דאָס איז דער יידישער לעבן, נוסח אויסטראַליע. ביי יהושע בר יוסף איז דאָס אַ פּשוטער אויסגע-האָרעוועטער האָרעפּאַשניק, וואָס נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, מאַטערט ער אַוועק זיינע לעצטע כוחות ביים בויען און אויסצאַצקען זיין נייַ הויז, ביז ער פאַלט אַוועק און איז ניט זוכה אַריינצוגיין אין איר, — דאָס איז דער יידישער לעבן, נוסח ישראל.

עס קומען די יאָרן פון בלוטיקן חורבן. אויפן יידישן לעבן אין אייראָפּע

לאָזט זיך אַראָפּ די שאַרפע האַק פון נאַציזם. אַלץ וואָס ס׳איז יידיש ווערט אָן רחמנות צעשמעטערט און חרוב. די גוישע וועלט איז גלייכגילטיק, בלינד און טויב צו די יידישע הילפס־רופן. איבער די צעשטורעמטע ימען טראָגן זיך שיפן — אַלטע קאַסטנס — מיט הונדערטער יידן, וועלכע ווילן זיך ראַטעווען פונעם אומקום, אָבער פון אַלע ברעגן יאָגט מען זיי צוריק צום אומפאַרמיידלעכן טויט, אין די צעשטורעמטע וואַסערן פון ים, וואָס האָט: ״נצחונדיק געשריען, געהיילט, געיובלט, זיך פאַרכליניעט פון גרויסער פרייד״.

כאָטש ווייט פון איירָאָפּע, ווייט פונעם חורבן, ווייטיקט אויס הערץ בערגנער דעם גרויסן ווייטיק פון זיינע שוועסטער און ברידער, פאַרלאָזענע און פאַרגעסענע ״צווישן הימל און וואַסער״. ער שרייבט אַן זיין ראָמאַן אונטערן דאַזיקן נאָמען, וואָס דערשיינט אין מעלבורן אין יאָר 1947, שוין נאָך דער מלחמה, ווערט איבערזעצט אין ענגליש און פרעמירט מיטן גאָלדענעם מעדאַל פאַרן בעסטן בוך פון יאָר.

אין דעם ראָמאַן טראָגט זיך הערץ בערגנער וויזאַנעריש אַריבער אויף דער שיף, ווי ער אַליין וואָלט געווען איינער פון אירע ״פּאַסאַזשירן״. ער צער׳ט אויס דעם גרויסן צער און דעם טיפן, אָן ברעגיקן, פיין פון מענטשן אָן אַ באָדן אונטער די פיס. מיט אַ שטאַרקער קראַפט שילדערט ער די קאָמפּליצירטסטע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגען, ראַנגלענישן און טראַכטונגען פון אַן עדה יידן, אַריינגעוואָרפן אינעם כף־הקלע פון דער וועלט, פאַרמשפּט אויף אַ טראַגישן טויט.

די עדה איז אויסגעמאַטערט און טויט־מיד פון וואַלגערן זיך אויפן שיף, פון די עפּידעמיעס און דעזינפעקציעס. זי איז גייסטיק צעבראָכן פון דעם טויט וואָס שניידט שטיקער פון איר און די טויטע גופים ווערן געוואָרפן אין ים אריין ווי דאָס מיסט. דער דורשט פייניקט, די צוגעטיילטע פאַרציעס וואַסער ״האָבן קוים געסטאַרטשעט די צעשרפה׳טע ליפּן צו באַנעצן״.

אַ שווערע אַפּאַטיע און אָפּגעלאָזנקייט באַהערשט די מענטשן: ״אַלע זענען אַרומגעגאַנגען האַלב־־נאַקעט, אַראָפּגעוואָרפן אַלץ פון זיך; די ווייבער האָבן מיטאַמאָל פאַרלוירן די בושה, פראַנק־און־פריי, ווי אין דעם וואָלט ניט געלעגן קיין שום שלעכטס, אַרומגעטשאַפּעט אָן כוח אין די בלויזע צעריסענע האַלקעס, פון וועלכע עס האָט חוצפּהדיק־אָפן אַרויסגעקוקט דאָס נאַקעטע לייב. פון די צעכראַסטעט־אויפגעשפּיליעטע העמדער האָבן זיך געזען די מאָגערע ברוסטן וואָס זענען געהאָנגען מיד, ווי ליידיקע פּענכערס פון וועלכע מען האָט אַרויס־געלאָזט די לופט. די מענער האָבן אפילו נישט געטראָגן קיין העמדער בלויז אַרויפגעכאַפּט אויף זיך די הויזן, טייל זענען אַרומגעגאַנגען אין די גאַטקעס, מער געלעגן אויף איין אָרט ווי אַרומגעגאַנגען, נישט געהאַט קיין כוח זיך צו רירן״. אַלע מענטשן אויף דער שיף זיינען באַהערשט פונעם פאַרגעפיל וועגן אומפאַרמיידלעכן סוף: ״מיר אַלע זענען שוין פאַרמשפּט... אונדזער גורל איז שוין געחתמעט״.

ווי אַזוי האָט הערץ בערגנער, זיצנדיק אין אויסטראַליע געקענט אַזוי רעאַליסטיש-עכט, אַזוי נאַקעט-רוי, אַזוי גרויליק און דאָך אַזוי אמתדיק, שילדערן דעם אונטערגאַנג פון דער עדה יידן אויפן שיף? מען דאַרף טאַקע באַזיצן אַזא טאַלאַנט ווי הערץ בערגנערס צו קענען גייסטיק אַריבערטראָגן זיך און אַריינלעבן אין דער סביבה און אַטמאָספערע וואָס האָט געהערשט אויפן שיף, אינטעגרירן זייערע פּראָבלעמען און זאָרגן, צוזאַמענגיסן און אידענטיפיצירן זיך מיט דער עדה, ווערן איינער פון איר און צוזאַמען מיט איר — אומקומען אין די ימען פון אייגענע טרערן און צעשטורעמטע וואַסערן.

דריי יאָר שפּעטער, אין 1950, דערשיינט הערץ בערגנערס ראָמאַן "אַ שטאָט אין פּוילן" (איבערגעזעצט אין העברעאיש א.ג. "עיר בפולין", הוצאת הקיבוץ-המאוחד, 1954).

אומזעבאַרע פעדים פאַרבינדן דעם מענטש מיטן לאַנד פון זיין געבוירן און וואַקסן. ניט די יאָרן און ניט די מרחקים זיינען בכוח איבערצורייסן דעם אייביקן בונד פונעם מענטש און היימלאַנד. די נאָסטאַלגיע געפילן רייפן און באַווירקן אַן אויפהער דעם מענטשלעכן גייסט און פירן אים צוריק צו זיין אַלטער היים.

הערץ בערגנער טראָגט זיך טאַקע אַריבער צוריק קיין פּוילן און ברענגט אַרויס אין זיין ראָמאַן דעם אַמאָליקן יידישן לעבן מיט זיינע טיפן און געשטאַלטן. דאָס זיינען טיפּן פולע, בולטע, ווי אויסגעהאַמערט דורך אַ סקולפּטאָר, וועלכע פאַרקערפּערן אין זיך דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום. און אפשר ניט נאָר דאָס פּוילישע יידנטום אַליין? האָבן מיר דאָך דאָ רב׳ לייבושן, רב׳ חיימס, מיט זיינע צוועלף זין, ווי אַן אַנדייט אויף די צוועלף צעזייטע און צעשפּרייטע יידישע שבטים, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק.

הערץ בערגנער שילדערט אַ יידיש לעבן מיט זיינע טאָג-טעגלעכע שווערי-קייטן און קאַמפן. מיט זיין טרויער און הומאָר, שטרעבונגען צו אַ ביסעלע גליק און גרויסער אָרעמקייט, דעם עלנט און די זיקנה. מיר געפינען דאָ אַלע פּלאָגן וועלכע האָבן געפרעסן דאָס יידישע לעבן אינעם אַמאָליקן פּוילן, אים געבויגן און געבראָכן, אָראָפּגעשלעפּט אים פון זיין גייסטיקער דערהויבנקייט צום אָפּגרונט פון יאוש און דערשלאָגנקייט.

"אַ שטאָט אין פּוילן" פאַראייביקט ניט נאָר בערגנערס חרוב געוואָרענע היימשטאָט, נאָר אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן.

אין הערץ בערגנערס ערשטע ווערק, באַזונדערס אין זיין סטיל, מערקט זיך בולט די השפּעה פון אַ טייל יידישע שרייבער פון גאַליציע, וועלכע האָבן אָנגעהייבן צו שאַפן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה ווי אַ. מ. פוקס, דער העברעאישער שרייבער ש. י. עגנון און אַנדערע. דאָס איז דער סטיל פון דעטאַ-ליזירטן באַשרייבן געשעענישן און פאַסירונגען און ניט פאַרפעלן, חלילה, קיין

איין פּרט; פון נאָכגיין טראָט ביי טראָט דעם העלד און אַרויסברענגען אַלע זיינע טואונגען. די שפּראַך בערגנערס באַזיצט דאָ דעם ספּעציפישן אַראָמאַט פונעם גאַליציאַנער יידיש מיט איר רייכער אידיאָמאַטיק.

אָבער אין זיינע שפּעטערדיקע שאַפונגען, באַזונדערס אין די אויסטראַלישע דערציילונגען, האָט זיך הערץ בערגנער ראַשיק באַפרייט פונעם דאַזיקן פאַר-עלטערטן און שווערן סטיל — כאָטש אין אים זיינען געשאַפן געוואָרן וואונדער-באַרע ברילליאַנטן, וועלכע באַצירן די קרוין פון אונדזער ליטעראַטור — און איז אַריבער צו דער מאָדערנער פאָרם פון אימפּעטדיקן אַרויסברענגען דעם תוך. אַ פאָרם אין וועלכער ניט די דעטאַלן זיינען וויכטיק, נאָר די טראַכטונגען און עיקרדיקע מעשים. מער דאָס אויפדעקן די נשמה פונעם מענטש, ווי דאָס ניט דורכלאָזן קיין איין וואָרט וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל. מער דער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פונעם אופן פון זיין רעאַגירן ווען ער ווערט אַוועק-געשטעלט פאַר די פּראָבלעמען פונעם לעבן, ווי די מיטלען מיט וועלכע ער באַנוצט זיך.

דווקא אין דער פאָרם האָט הערץ בערגנער דערגרייכט צו זיין העכסטער קינסטלערישער מדרגה און ער קען, אָן ספק, אַריינגערעכנט ווערן היינט צו טאָג, צווישן די רייפסטע פּראָזאַיקער אין דער יידישער ליטעראַטור.

הערץ בערגנער איז ניט צופיל "פאַרשווענדעריש" אויף נאַטור באַשרייבונגען. אין דעם פּרט האָט ער איבערגענומען די ירושה פון אַ סך יידישע שרייבער "אורבאַניסטן", וואָס האָבן אין זייערע שאַפונגען כמעט ווי אויסגעלאָזט די נאַטור מיט אירע שיינקייטן. דער פינצטערער חדר, דער גרויער, אַלטער בית-המדרש, דער שטיקנדיקער וואַרשטאַט, די אָרעמע יידישע קוואַרטאַלן און די אַנגערייכערטע פּאַרטיי-לאָקאַלן, דאָס איז פאַר אַ גרויסן טייל יידישע שרייבער געווען די אַרביטע אַרום וועלכער זיי האָבן זיך באַוועגט. דאָך דערזעט בערגנער, דאָ און דאָרט, די שיינע נאַטור און כאָטש ער שילדערט זי נאָר אין געציילטע אַנגעוואָרפענע שורות, גיט אַ בלענד פאַר אונדז אַ פאַרביק נאַטור-בילד, וואָס דינט ווי אַ כאַראַקטעריסטישער הינטערגרונט פאַר די פּאַסירונגען:

"די שקיעה איז מיד געהאָנגען אויף די צווייגן פון דיביימער, ווי רויט-צעדריוועט געוואַנד. אַ לייכטער רויטלעכער רויך, ווי אַ ראָזע, פאַרסמאַליעטע גאָזע, האָט געציטערט אינעם חלל און פאַרשטעלט די ראיה. די פאַרגייענדיקע זון, אָן איינגעשרומפּענע אין אַ קליין קנייטל, האָט זיך אין אַ האַלבן רינג קוים דורכגעריסן דורך דעם רויך און האָט צוגעדושעט-רויטלעך געלויכטן".

אָט די קורצע נאַטור-שילדערונג מיט וועלכער בערגנער הויבט אָן איינעם פון זיינע ביכער דינט אים אַלס פּאַסיקסטער הינטערגרונט צו די געשעענישן וועלכע קומען פאָר אין הויז פון דזשייקאָב אייזיקס, וואָס געפינט זיך אויך אינעם מצב פון שקיעה און זיין איינגעשטעלטער לעבנס-סדר ווערט צעדריוועט ווי געוואַנד.



די ביכער "דאָס הויז פון דזשייקאָב אייזיקס" (1955) און "ווו דער אמת שטייט איין" (1966) זיינען, מיטן אויסנאָם פון עטלעכע דערציילונגען, שאַפונגען וועגן יידישן לעבן אין אויסטראַליע. מיר געפינען אין זיי וואונדערלעכע נאָוועלן וועגן די יידישע עמיגראַנטן — געוועזענע פשוטע אַרבעטער און פאָלקס-מענטשן פון פוילן — וועלכע האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, רייך געוואָרן, אויפגעעפנט גרויסע געשעפטן, און ווילן זיך "איינקויפן" אין יחוס, זיך משדך זיין מיט די אויסגעאיידלטע, געבילדעטע טעכטער פון די אַריסטאָקראַטישע ענגלישע יידן. זיי קריכן ממש פון דער אייגענער הויט, אַבי זיין געראַטן אין די מיוחסים; זיי פירן זיך ווי זיי און וואוינען אויך אין פּאַלאַצן, אָנגעשטאָפּטע, אָן געשמאַק, מיט טייערע קרישטאָלן, אויסגעבעטע מיט פּערסישע טעפּיכער און אָנגעפּילטע מיט אַנטיקן.

זיי ווערן אָבער אָוועקגעשטעלט און פאַרפּלאָנטערט אין קאָמפּליצירטע סיטואַציעס און שטרייטן אין וועלכע זייערע אילוזיעס קראַכן, ברעכן זיך און צעפאַלן אויף שטיקלעך.

דאָס איז אויך די סיבה פון פאַרשאַרפטע באַציאונגען צווישן די רייך געוואָרענע עמיגראַנטן און זייערע אָראָפּגעבראַכטע עלטערן. עס ווערט צוגעפירט ביז צום שווערן קאָנפליקט, ביז צום אומפאַרמיידלעכן ריס צווישן ביידע דורות:

"פאַרוואָס מעכעלע?... פאַרוואָס טרייבסטו אַרויס אָן אַלטן טאַטן?"

דער אַלטער דור טרעט אָפּ, אָבער ער האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים געגנוג גייסטיקע כוחות כדי גובר צו זיין די עוולות. די אַלטע לייט טרעפן זיך צוזאַמען, קוויקן זיך מיט זכרונות וועגן דער אַלטער היים און כאַטש באַעוולטע גרייסט מען זיך מיט די קינדער. זיי זיינען אויך טעטיק אין פאַרשיידענע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און העלפן שלעפן פון די רייכע בנים פאַר צרכי ציבור:

"בישט-קשה ער קען געבן מעכעלע!... — האָט ער צוגעוואונקען ממזריש-קלוגעטשקע מיט זיינע קליינע, רויט צעיאָטערטע אייגעלעך — אוי, קען ער געבן... הלוואי אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן!... ער האָט אַ געשוואָלענעם טייסטער, דער יונג! כ'מיין צו זאָגן אַ געשוואָלן טשעק ביכל..."

אַ דינער הומאָר באַהויכט די דאָזיקע דערציילונגען. דער צופּאַסונגס-פּראָצעס פונעם עמיגראַנטן-דור האָט אין זיך אַ סך קאָמישע סיטואַציעס. דאָס שאַרפע אויג פון הערץ בערגנער כאַפּט זיי אויף און ברענגט עס אַרויס, כאָטש ער זוכט ניט אַרויסצוברענגען דווקא דאָס קאָמישע אינעם לעבן.

דער איינגעשטעלטער שטרענג-קאָנסערוואַטיווער שטייגער פון די מיוחסדיקע אויסטראַלישע "יאַהודים" ברעכט זיך אויך. דאָס הויז פון דזשייקאָב אייזיקס מיט זיין סינאַגאָגע איז געוואָרן אַ פּוסטקע. זיינע, זינט דורות אָנגענומענע באַגריפן און פּרינציפּן, ליגן צעטראָטענע און ער מוז הכנעהדיק שלום מאַכן מיט דער ביטערער ווירקלעכקייט און דערצו נאָך געבן זיין ברכה:

"זאָל זיין מיט מזל, קינדער, דער גאָט פון אייבערהעם, אייזיק און דזשייקאָב זאָל אייך בענטשן..."

— — — — — — — — — — — — — —

כאָטש אין לעצטן בוך "ווו דער אמת שטייט איין" זעט מען די פולע איינגעוואָרצלקייט פון בערגנערן אינעם נייעם לאַנד אויסטראַליע, און ער אָטעמט מיטן לעבן פון אירע יידן, באַגלייט אים נאָך אַלץ דער נעכטן — די אַלטע היים; זי לאָסטעט אויף זיינע פּלייצעס, דריקט און שווערט מיט איר טראַגישן סוף און רויבט אָוועק יעדן טראָפּן פון לעבנס-פרייד.

דאָס בוך זיינס פאַרענדיקט הערץ בערגנער מיט דער טראַגישער זעאונג פון זיין העלד רודאָלף, דעם אינטעליגענטן און מיוחסדיקן פּליט פון וואַרשע, וועמעס פרוי און קינדער זיינען פאַרבליבן אין פּוילן און געטיילט דאָרט דעם גורל פון אַלע פּוילישע יידן:

"דאָס ווייב האָט געטראָגן מיט זיך דעם משפחה-פּנקס, וואָס איז געווען געבונדן אין לעדער און האָט געהאַט אַ זילבערנעם שלאָס. דער פּנקס איז צו זיי איבערגעגאַנגען בירושה פונעם זיידן וואָס האָט אַנטייל גענומען אין דער פּוילישער "פּאָווסטאַניע". רודאָלף האָט באַמערקט ווי די בלעטער פונעם פּנקס צעשיטן זיך, פלאַטערן אין דער לופט ווי קראַנקע, בלייכע פויגל און פאַלן צו דער ערד ווו די יידן טרעטן. ער האָט זיך צוגעשטופּט צו דעם ווייב און די טעכטער און איז געגאַנגען לעבן זיי. ער איז געגאַנגען מיט זיי צוזאַמען אין געטאָ אַריין..."

זיינען דאָס די לעצטע אַקאָרדן פון אַ טרויער-מאַרש, אין טיפער אַבלות נאָך אַ רייך און גרויס יידיש לעבן, וואָס איז געווען פאַרזיגלט מיטן טויזנט-יאָריקן חותם פון יידישער טרייהייט צו פּוילן, פאַרשריבן מיט בלוטיקע אותיות אין די בלעטער פונעם יידישן פּנקס, וועלכער ליגט איצט צעשאָטן און צעטראָטן אויף דער פּוילישער ערד.

הערץ בערגנער, דער יידישער שרייבער פון אויסטראַליע, האָט אויך די גרויסע זכייה צו זיין דער פאַראייביקער פונעם געוועזענעם יידישן לעבן אין פּוילן, און אַריינשרייבן וועגן אים נייע בלעטלעך אינעם אייביקן פּנקס פון אונדזער ליטעראַטור.

## פּרץ מיראַנסקי

דער דיכטער און משלים-שרייבער פּרץ מיראַנסקי, וואָס געהערט הײַנט צו דער יידישער שרייבער-משפּחה אין קאַנאַדע, איז פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה געווען אַ חבר פון דער באַרימטער שרייבער-גרופּע ״יונג-ווילנע״.

״יונג-ווילנע״ איז געווען אַ נאַטירלעך קינד פון ווילנע — ״ירושלים ד׳ליטע״, נאָר אין ווילנע האָט געקענט אויפקומען, שלאָגן וואָרצלען, און אויס-וואַקסן אַזאַ דינאַמיש-שעפערישער כוח ווי ס׳איז געווען ״יונג-ווילנע״, וואָס אירע ביים לעבן פאַרבליבענע מיטגלידער זיינען אויסגעוואַקסן ווי ריזיקע דעמבעס אינעם ברייט-צעצווייגטן, טיף-פאַרוואָרצלטן וואַלד פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס אַפילו דער שרעקלעכער נאַצי-טייפון האָט זיינע ביימער ניט באַוויזן אויסצוקאָרטשעווען פון דעם יידיש-באָדן.

פון רוזשעלע ביז סניפּעשאָק ; פון גרינעם בריק ביז פּאָספּעשק ; פון זאַרעטשע ביז ליפּאָווקע, איבער די יידישע גאַסן, ליקלעך און דורכגאַנגס-הייפן ; איבער די מערק, האַלעס און פּלעצער פון ווילנע איז געווען צעגאָסן אַ ברייט, טיף און שטראָמיק יידיש לעבן, וואָס האָט געאָטעמט און געשאַפן, געטרוימט און געקעמפט, געלאַכט און געוויינט, געבענטשט און געשאָלטן אויף יידיש לשון.

איבער דער יאַטקעווער געסל מיט אירע גאַסן־פאַרקויפערינס, טרעגערס און קצבים ; איבערן האַלץ-מאַרק מיט זיינע פישערקעס און נאַוואַגאָראָדער בעלי-עגלות ; איבער דער אַריסטאָקראַטישער פאַהולאַנקע און ביז צו די ליטעראַרישע סאַלאָנען, האָט הויך און לעבעדיק אָפּגעהילכט דאָס יידישע לשון, געווירצט און באַטעמט אינעם יידישן פאָלקס-מויל, געשליפן און געלייטערט אין די קאַבינעטן פון ״ייוואָ״-פּאַלאַצל, אויף וויוואָולסקע אַכצן.

פונעם אַנסקי מוזיי ביז סטראַשון ביבליאָטעק, פון דער יידישער רעאַל-גימנאַזיע ביז ראַמיילעס ישיבה ; פון דער יידישער קאָנסערוואַטאָריע ביז צום קלעצקין פאַרלאַג ; פון די יידישע וועלטלעכע שולן ביז צו די חדרים און תלמוד-תורות ; האָט געריסן די ברעגן ווילנעס צווייטער טייך, דער טייך פון יידיש לשון.

איבער יידיש ווילנע האָבן געפלאַטערט לעגענדעס פון קידוש-השם און קידוש-העם ; גר-צדק און הירש לעקערט ; יידישע רעוואָלוציאָנערן-טרוימערס און רעוואָלוציאָנערן-קעמפערס, האָבן געוועקט די פאַנטאַזיע, געפלאַנצט אמונה אין הערצער פון דער ווילנער יידישער יוגנט, גרינגער געמאַכט צו איבערטראָגן די אָרעמקייט, די נויט און די נגישות ; אויסגעפורעמט אַ שטאָלצן יידישן דור פון

וועלכן עס זיינען אַרויסגעקומען די איציק וויסענבערגס, די גליקס, די געטאָ-קעמפּערס און פּאַרטיזאַנער.

צו ווילנע האָבן זיך געצויגן אַלע יידיש-שעפערישע גייסטער, זיי האָבן עולה-רגל געווען קיין "ירושלים ד'ליטע", כדי אַריינצואָטעמען אין זיך איר לופט און שעפּן פון איר שעפערישע און גייסטיקע כוחות.

איז דען אַ וואונדער וואָס אין ווילנע איז אויפגעקומען דער פּערל אין קרוין פון דער יידישער ליטעראַטור — "יונג-ווילנע"? אַזוי ווי דער עכטער פּערל ווערט אַרויסגענומען פון די ים טיפענישן, אַזוי איז "יונג-ווילנע" אויפגעקומען פון די טיפענישן פון דעם ווילנער יידישן פאָלקס-לעבן און פון איר שטאָלצער אַרעמקייט. אינעם שאַפן פון "יונג-ווילנע" ליגט אויף אייביק פאַרקערפּערט דאָס געוועזענע ווילנע מיט איר פאַרבנרייכער יידישקייט, וואָס איר לעבנס-אָטעם איז דערשטיקט און פאַרשטומט געוואָרן אויף פאַנאַר, ווי ס'האָט עס אַזוי טיף-טראַגיש אויסגעוויינט דער "יונג-ווילנער" שמערקע קאַטשערגינסקי:

"שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן
קברים וואַקסן דאָ".

די קוילן פון פייערטאָפּ, וואָס האָבן געוואָרעמט חיים גראַדעס מאַמען אין פראָסטיקע ווינטער-טעג, האָבן אויך צעגליט זיין דיכטערישע וויזיע, געצונדן זיין סאָציאַלן באַוואוסטזיין און אוניווערסאַלן גלויבן אין דער מענטשהייט.

אין אַ בלעטל וואָס ווערט אַנרחמנותדיק געשמיסן אויפן ווינט, האָט אלחנן וואָגלערס שטורמיש-לירישער געמיט געפילט דעם גורל פונעם מענטש: די נאַטור האָט אים געהאָלפן צו פאַרשטיין די מענטשלעכע געזעלשאַפט.

דער יונגער אַ. סוצקעווער האָט אויסגעזונגען די בענקשאַפט פון דעם יידישן יוגנטלעכן צו אַ ליכטיקערן מאָרגן:

"ווי אַ קוואַל פון דעם ערדישן האַרץ אַרויס
רייסט זיך מיין לעבן צו ליכטיקייט".

אינעם זינגעוודיקן "יונג-ווילנער" כאָר האָט זיך אויך געלאָזט הערן די איידעלע שטים פון פרץ מיראַנסקי — דעם משלים שרייבער און שטילן אינזיכיקן דיכטער.

דעם 2-טן פעברואַר 1934, דעביוטירט פרץ מיראַנסקי אין ווילנער "טאָג" מיט 2 משלים: "די פויק און די פלייט" און "די האַק און די קוילן". אינעם זעלבן יאָר ווערט ער אַ חבר אין "יונג-ווילנע" און ווערט באַקאַנט דעם יידישן לייענער דורך זיינע משלים, וועלכע דריקן אויס די אידייאישע וועלט פון מחבר:

"האַק,
שלאָגט אין מיטן איר דער האַמער איבער;

קאָן זיין אַז פון אָפּשטאַם ברידער,
אָבער פרעמד מאַכט אונדז די טאַט!
איך דין דעם שמידער,
דו — דעם קאַט!"

(האַק און האַמער)

שוין די ערשטע משלים פון פרץ מיראַנסקי זיינען צייטיק-רייפע און האָבן אויך דעם געהעריקן נמשל — דעם באַלערנדיקן מוסר-השכל. עס דאָמינירט אין זיי דער סאַטיריש-בייסיקער טאָן:

"אמת!
טיקעט שטילערהייט דער זייגער
יעדער האָט זיין שטייגער
פירונג
און זיין שוואונג...
איינער קלעטערט הויך אַ דאַנק געהירן
און דער צווייטער אַ דאַנק צונג!..."

(גלאָקן)

מען דאַרף נאָך אויך צוגעבן, אַז די פּאַלקסטימלעכקייט פון זיין יידישן לשון האָט ממש געערדט צום האַרצן פונעם לייענער:
"אַ טונקל, ווי אַ מויד אַ קלאָרע, אַ פּאַרשוין.
מען דאַרף איר אָנטאָן נאָר די רייפן
און שוין!..."

(די פעסל)

יעדער משל בליצט אויף מיט שאַרפזיניקייט פון געדאַנק, לעבנס-חכמה און פּאַסיקן אויספיר — דעם מוסר-השכל:
"עד כאן דער משל
און דער נמשל אין די זאַצן;
וואָס ענגער פויער מאַכט די רייף,
די פעטליע, צי דעם שלייף
אַלץ גיכער וועט עס פּלאַצן!..."

פרץ מיראַנסקי האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון אליעזר שטיינבאַרג, וועלכער האָט געגערט דאָס רוב משלים-שרייבערס אין אונדזערעביידע שוועסטער-ליטעראַטורן. ווי ביי אליעזר שטיינבאַרג דינט אים דער משל ווי אַ וואָפן צו וועקן דעם גייסט פון צאָרן און בונט:

"פּאַר דיר געטרייער
האָדעווע איך פייער!

ווייל פאַר אַ האַר,
וואָס צאַפּט און טרעט די פּלייצע —
מיט זיינע בלעך געשמידטע זוילן,
איז דאָ איין עצה . . .
קוילן! . .״

(סאמאָוואַר און טשייניק)

אַפילו אין זיין שרייבערישן סטיל געפינען מיר די השפּעה פון שטיינבאַרגן. ס׳איז אָן ספק געווען איינע פון די גוטע מעלות פונעם יונגן פּרץ מיראַנסקי, וועלכער האָט אָנגעשלאָגן אויפן ריכטיקן טאָן פון דער משלים-קונסט און האָט אָן שוועריקייטן באַקומען זיין ליטעראַרישע סמיכות אַלס משלים-שרייבער.



ס׳רייסט אויף דער נאַצישער וואולקאַן וואָס פאַרגיסט מיט גיפטיקער לאַווע אייראָפּע און אויך יידיש ווילנע ווערט פאַרשרפהעט אינעם גהינומדיקן פייער, וואָס גאָט האָט געבראַכט אויף זיין אויסדערוויילט פאָלק.

״יונג-ווילנע״ טיילט דעם גורל פון ווילנער יידן: דער גרעסטער טייל אירער באַוויזט ניט צו ראַטעווען זיך און בלייבט אין געטאָ. דאָ אַנטפּלעקט זיך ווידער די מעכטיקע וויטאַלע קראַפט פון ״יונג-ווילנע״: זיי ראַטעווען אָפּ פונעם פייער אוצרות פון יידישן פאָלקס-שאַפן; זיי פאַראייביקן אין פלאַמיקע מגילות, געשריבענע מיטן אייגענעם בלוט אויף פאַרמעטן פון אייגענעם לייב, די גסיסה פון ״ירושלים ד׳ליטע״ און איר, ביז צום לעצטן אָטעם, ניט געבראָכענעם יידישן כבוד:

״דער ייד האָט מיט זיין אַדערדיקער האַנט
געקריצט די תורה און מיט זיין אייגן בלוט
פאַרענדיקט שרייבן זי דאָס מאָל״.

אַ. סוצקעווער ״דער זקן״

אַ צווייטער טייל פון ״יונג-ווילנע״ נע-ונדעוועט. געשמיסן ווי אָן אָפּגעריסן בלעטל אויפן שטורעמווינט, ווערט ער פאַרשליידערט אין די ווייטקייטן פון רוסלאַנד. הונגערט, פיבערט אין פלעקטיפוס, ווערט צעפרעסן פון נאָסטאַלגיע און נערט אין זיך חזיונות פון צוריקקער אַהיים — צו ״ירושלים ד׳ליטע״. ערגעץ-וואו אין אַ מיטל-אַזיאַטישן קאָלכאָז, פאַלט פון הונגער לייזער וואָלף.

פּרץ מיראַנסקי ווערט מגולגל אין סאַמאַרקאַנד. אָן עלנטער צווישן ליימיקע ווענט אָן פענצטער, ערגעץ-וואו אויף אַ שמאָל ליימיק געסל לייגט ער אַנידער זיין מידן קאָפּ, אָבער ער געפינט ניט קיין רו, — דער הונגער און דער אומעט רייסן אויף פון שלאָף:

"איך וויש אויס מײַנע אויגן פון דרעמל,
צי אַרויפֿעט דעם טאָג אויף מײַן הויט, —
אַ געלאַטעטע העמד,
און איך לויף אין דער ריי נאָך מײַן ברויט"

און אַז ער שטייט אָפּ אַזוי אַ גאַנצע נאַכט —

"... אין ריי צוגעפּרעסט צו אַ וואַנט
אַ געשלאָגענער הונט" —

און דאַרף באַלד באַקומען זײַן פֿונט שוואַרצן ברויט, צעבונטעוועט זיך זײַן צעטראַטענער מענטשלעכער כבוד:

"כ׳שפּאַן אַלץ נענטער צום ברויט מיט מײַן צעטל,
שטרעק צום פֿענצטערל אויסעט מײַן האַנט
און איך ווייס ניט, צי כ׳בעט, צי איך בעטל..."

ער פּרובירט אַנטלויפֿן פֿון דער ווירקלעכקייט, זוכנדיק אַ דערלייזונגס-אַזיל, ווענדט ער זיך צו דער פֿאַרלאָזענער היים: מיט זײַן דיכטערישער אינטואיציע פֿילט ער אַרויס וואָס דאָרט קומט פֿאָר; ער ווייסט אויך אַז דער שטאָלצער ווילנער יידנטום וועט אַרויסגעבן פֿון זיך העלדן, נקמה-נעמערס און פֿאַרטיידיקערס פֿונעם יידישן כבוד. ער זעט אַ חזיון: אַ טרעפֿונג אויפֿן אַלטן ווילנער בית-עולם צווישן דעם ווילנער גאון און אַן איינציקן ייד:

"וואָס האַלט דיר נאָך היינט באַם לעבן,
זאָג, יידישער מאַן!
און ס׳ענטפֿערט דער ייד אָפּ: אָ, רבי!
כ׳בין אַ פּאַרטיזאַן..."

דער האַרב-שטרענגער גאון, דער קפּדן און מדקדק, וואָס זײַן האַרץ איז איבערפֿולט מיט רחמים פֿאַר חיה און מענטש, איז אָבער אויך אַ ווילנער ייד און ער בענטשט דעם פּאַרטיזאַן:

"עס וויגט אויף דער ערד זיך זײַן שאָטן
אויף לינקס און אויף רעכטס:
געבענטשט זאָלן זײַן די וואָס ראָטן
פֿון וועלט אויס דאָס שלעכטס.
געבענטשט זאָלן זײַן די וואָס צאָלן
דעם חוב אָפּ פֿאַר בלוט...
עס פֿלאַקערן בערג אויף און טאָלן
אין אויפֿגאַנג, אין גלות..."

דאָרט, אין מיטל-אַזיע, אויך באַלד נאָך דער מלחמה, אויף די חורבות פֿון

יידיש ווילנע, האָט פּרץ מיראַנסקי קיין משלים ניט געשריבן. זיין צעווייטיקטער געמיט איז ניט געשטימט צו לערנען עמיצן לעבנס-חכמה. ער וויינט אויס פאַר זיך אַליין זיין ווייי און זיין לעבן, וואָס האָט זיך "צעשפּאַלטן אויף צווייי".

"ווען ס'צינדט דער באַרגשפּיץ זיך, דער שנייאיקער
מיט בלוט אויף שניי,
דאָן הויבט זיך אָן מיין ווייי געווייי"

(אַ ווינט)

זיין "ווייי געווייי" און זיין צעשטורעמט געמיט באַרואיקט פּרץ מיראַנסקי מיט שטילע לירישע לידער געווידמעט זיין נאָענטסטער — ליאַלען:

"דו זעסט ווי דער שניי פאַלט דו זעסט ?
פאַרטוליעט, ווי פויגל אין נעסט
מיט ווערטער, ווי טרערן אין האַלדז
פאַרגעסן זיך לאָמיר אין אַלץ !..."

און ווען זיין געמיט געפינט די גייסטיקע רו צעזינגט זיך דער דיכטער וועגן די שיינקייטן פון לעבן — נאָך אַלעמען זיינען זיי דאָך פאַראַן — און ווען עס נידערט אַראָפּ דער דערלייזערישער אָוונט, וואָס ברענגט די געגאַרטע רו, פאַלט ער אַריין אין אַ קדושהדיקער שטימונג און אין השתפכות הנפש זינגט ער:

"תפילה זכה זאָגן ביימער:
אויסגעטאָן פון וועלט און חומר,
באַ דער אָזיערע צופוסנס,
וויגט אַ ווינטל זיך אין קדושה ששש !

יעדער וואָלקן אין דער הויך איז —
אַ פאַרקאָשערטער פּרוכת.
פאַר דער זון — דער גאָלד מנורה,
פאַלט אַ פעלד מיט זאַנגען כורעים ששש..."

(אָוונט)

ערשט ווען די שווער-פאַרוואונדעטע וועלט קומט אַביסל צו זיך, הויבט אָן אַרומלעקן אירע וואונדן און איינשטעלן צוריק דעם צעשטערטן לעבנס-סדר, קערט זיך פּרץ מיראַנסקי אום צום משל: די וועלט נויטיקט זיך איצט זייער שטאַרק אין לעבנס-חכמה.

אין 1950 קומט פּרץ מיראַנסקי קיין קאַנאַדע. אַ יאָר שפּעטער דערשיינט דאָרט זיין בוך "אַ ליכט פאַר אַ גראָשן".

אַ נאָמען אָן פּרעטענזיעס, וואָס איז אַזוי אייגנאַרטיק פאַר אים — דעם

שטילן אינזיכיקן דיכטער, וואָס גייט זיך באַשיידן זיין לעבנס-גאַנג, טרעט אויף שטילע זייטיקע סטעזשקעס און זינגט אויס שטיל זיין ליד:

„כאָטש ס'איז אָרעם מיין ליד
ווי אַ ליכט פאַר אַ גראָשן,
שמעלץ איך אָן עס אָן טיש
פון מיין יידישן לשון".

נאָך יאָרן פון וואַנדערונגען און וואָגלענישן, רייך אין לעבנס-נסיונות, קוקט ער אַריין אין דער אייגענער נשמה און ברענגט אַרויס די שטריכן פון זיין שאַפערישן גאַנג:

„מיין לשון איז וואַסער אַ פּשוטער קרוג
און שוואַרצברויט מיט קימל.
פון זיך רייס איך ווערטער, ווי שטיינער פון ברוק —
און כ'שליידער אין שויב זיי פון הימל.

צע'הפקר'ט פאַר שלאַקסן און ווינט ליגט מיין זיין,
ווי אַ ווייס פעלד מיט גריקע.
איך שטרעק מיינע דלאָניעס די בלייכע צו שיין
און כ'צי פון דער ערד מיין יניקה.

איך ליב ניט דעם וואַלד פול פאַריסענע קעפּ,
וועלכע קוקן אַריבער.
איך גיי, ווי אַ וועג אינעם ליימיקן סטעפּ
פול מיט שטיינער און גריבער.

מיין ליד איז פון איינזאַמען וואָלף דער געוואָי
אויף באַנאַכטיקע פליינען
און כ'זינג און איך זינג מיין געזאַנג אָט אַזוי, —
ווייל עס ווילט זיך מיר וויינען..."

פרץ מיראַנסקי באַפרייט זיך פון דעם בלוטיקן עבר, ער באַפרייט זיך אויך פון אַ גלויבן, וואָס האָט אים און מיליאָנען אַנדערע ווי ער, גלויביקע פאַנטאַזיאָרן, אָפּגענאַרט און פאַרראַטן:

„ס'האָט די פּוסט פון אָפּגאָט מייגעם
קעגן אַלץ פאַרהויבן —
צעבראָכן אין מיין טיפעניש
די זריחה שויב — מיין גלויבן.
איז שטיי איך, ווי א טעלעגראַפן-סלופּ —
פאַרפּלאָנטערט אין זיין דראָט
און בעט דיין רחמים גאָט!"

און ער געפינט דעם וועג וואָס פאַרבינדט און פאַרקניפּט אים מיטן עבר און עתיד פון זיין פאָלק אין אַן אייביקן בונד:

״ס׳איז רויט דער וועג פון זייער בלוט, אַ רויטער איז דער שטויב;
נאָר זייער טראָט שרייבט אַן אין זאַמד, מיט כתב מיט ווייסן; גלויב!
אין וויטן שיינט אַ ווייסע ליכט באַהאַלטן און אַנטפּלעקט,
כ׳האָב אויפגעריסן ברייט מיין אויג און האָב דערקענט מיין וועג!
(עס האָט מיך אויפגעוועקט)

דער וועג פירט אים קיין ישראל, כאָטש נאָר אויף אַ קורצן באַזוך, אָבער פול מיט גלויבן און האָפענונג. ער געפינט אויס, אַז דאָסמאָל האָט אים דער גלויבן ניט אָפּגענאַרט, עס שלאָגט דאָ אומעטום אַ פולבלוטיק, שאַפעריש יידיש לעבן, ס׳איז די אמתע אויסלייזונג פון זיין פאָלק. אין ירושלים זעט ער:

״נידערט משיח אַראָפּ, אַ פאַרהוילענער״

משיח איז שוין ניט מער טרוים און לעגענדע, ס׳איז דיווירקלעכקייט אַליין, ס׳איז אויפבוי פון ישראל און איר הויפּטשטאָט, דער סימבאָל פון נצח-ישראל, ירושלים:

״מיט אַ תיקון אין בליק דעם פאַרטרויערטן
זע איך דיין בנין, דעם ניי אויסגעמויערטן, ירושלים!״

גלויבן מיר אַז דער באַזוך אין ישראל וועט נאָך אַ סך יאָרן נערן פּרץ מיראַנסקיס שאַפערישן גייסט און מיר וואַרטן אויף זיינע נייע ווערק.



# חיהלע גראַבערס וועג אַליין

ביים לייענען אַ בוך מעמואַרן דערוועקט זיך תמיד די פראַגע, צי קען מען פאַרלאַנגען פון מחבר אַן אָביעקטיוון צוגאַנג צו די פּראָבלעמען, געשטאַלטן און געשעענישן, וועלכע ער ברענגט אַרויס אין זיין ווערק.

ס'איז אייגנטלעך שווער צו פאָדערן אָביעקטיוויטעט ביים מענטש, גראָד דעמאָלט ווען ער שרייבט זיינע זכרונות, דעמאָלט ווען ער איז אינגאַנצן מיט זיך אַליין. יעדער מענטש האָט דאָך זיין אייגענעם בליק אויפן לעבן און זיין אייגענעם צוגאַנג צו פּראָבלעמען. ער ווערט באַווירקט פון פּאַסירונגען און געשעענישן, איז באַהערשט פון עמאָציעס און שטימונגען, און אָן שום ספק קומט דאָס אַלץ צום אויסדרוק אין זיין ווערק.

נאָר אַן עכטע פּערזענלעכקייט, מיט ברייטע לעבנס-האָריזאָנטן, איז בכוח אַפילו אין זכרונות צו באַטראַכטן דעם אָפּגעגאַנגענעם לעבנס-וועג מיט אַ געוויסער מאָס פון אָביעקטיוויטעט, ניט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון די שטאַרקע עמאָציעס, וועלכע באַהערשן דעם מענטש ווען ער לעבט איבער פונדאַסניי זיינע פאַרגאַנגענע טעג, און נערט זיינע בענקשאַפטן מיט די זיסע זאַפטן פון אָפּגע-פרילינגטע טעג.

חיהלע גראַבער איז געבענטשט ניט נאָר מיט טאַלאַנט, נאָר אויך מיטן פעסטן כאַראַקטער פון אַ פּערזענלעכקייט, וואָס איז אַזוי בולט געקומען צום אויסדרוק שוין ביים גורלדיקן באַשלוס צו גיין אויפן וועג אַליין, און ווען זי דערציילט וועגן דאָזיקן וועג, דערהייבט זי זיך אַ סך מאָל צו דער מדרגה פון אָביעקטיוויטעט, ביז מודה זיין זיך אין דורכפאַלן, ביז אַרויסהייבן דעם אַנדערן, אַפילו ווען דער אַנדערער האָט באַעוולט, און געבראַכט אַ סך ביטערנישן אינעם לעבן.

אַ בינע-קינסטלערין איז בדרך-כלל דאָס קאַפּריזע קינד פון דער נאַטור. אַזוי לייכט ווי עס קען אַריינפאַלן אין באַגייסטערונג, פּונקט אַזוי לייכט קען עס אַריינפאַלן אין אַנטוישונג און טראָגן אין זיך אַ סך ביטערנישן.

חיהלע גראַבער קען מוחל זיין עוולות, זי האַלט ניט אין זיך די ביטערקייט און "מיידט אויס סיטואַציעס, וועלכע קאָנען אַרויסרופן ביטערע געפילן", אַפילו ווען זי דאַרף צוליב דעם אויפגעבן דאָס שענסטע וואָס אַ מענטש באַזיצט — די חלומות "און זיך צוריקקערן צו דער רעאַלערווירקלעכקייט".

חיהלע גראַבערס וועג אַליין אויף דער בינע איז אַ ציל-באַוואוסטער. זי האָט פאַר זיך אַ שליחות צו "דערטראָגן אונדזער יידיש וואָרט, אונדזער ניגון צו דער וועלט". אויפן דאָזיקן וועג זיינען פאַראַן שטרויכלונגען און דורכפאַלן, צו וועלכע מען דאַרף "טויזנט מאָל מער כוח אויפצוהייבן זיך" און חיהלע גראַבער, וועלכע די משפחה האָט געהאַלטן פאַר אַ "שוואַכע בריאה", איז דווקא געבענטשט מיט אַזאַ כוח, ווי זי זאָגט עס וועגן זיך אַליין.

חיהלע גראַבער איז פּאָעטיש פילבאַר, און זי פאַלט אַריין אין אַ טיף לירישער שטימונג אַפילו פון אַ שיינעם פייזאַזש. זי באַזיצט אויך דעם טאַלאַנט אין עטלעכע קורצע שורות, ווי מיט עטלעכע פּענדזל אָנוואַרפן, אַרויסצוברענגען די אייגנ-אַרטיקייט און פאַרביקייט פונעם פייזאַזש, פון וועלכן זי איז באַווירקט געוואָרן:

"איבער נאַכט האָט זיך פאַר אונדז אויפגעדעקט אַ גאָלדיק-זוניקע וועלט; אַ ריינער, העל-בלויער הימל, שטאָלצע, גרינע פּאַלמעס; גערטנער פון פּאָמע-ראַנצן, ציטרינען, גרייפּ-פרוכט, מאַנגאָס... אַ סימפאָניע פון קאָלירן. די דורכזיכטיקע לופט איז אָנגעפילט געווען מיטן אַראָמאַט פון די פאַרשיידנאַרטיקע טראָפּישע געוויקסן.

איך געדענק מיינע ערשטע טריט אויף קאַליפאָרניער בערג — כ'האָב זיך אַ נייג געטאָן צו דער ערד און זיך צעוויינט."

אַ דיגער הומאָר, ווי אַ טיולענער צודעק ליגט אויסגעשפּרייט איבער חיה-לעס זכרונות און גיט צו איר בוך שטיפערישע חנעוודיקייט און אַ גוטן טעם:

"אַלע מיינע יאָרן מיט גראַסמאַנען האָב איך נישט געוווּסט, אַז ער פאַרמאָגט אין זיך אַזויפיל צערטלעכקייט, די חזירימלעך האָבן עס פאַר מיר אַנטדעקט..."

כאָטש דאָס פאָלק האָט, אָן שום יסוד, צוגעשריבן די פרויען ביין מאָס רייד, זיינען בדרך-כלל די פרויען, מער פון די מענער, פאַרשלאָסן און פאַרפּאַנצערט אין אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט זייערע פּערזענלעכע, אינטימע געפילן און איבערלעבונגען. חיהלע גראַבער איז דווקא אָפנהאַרציק און ברענגט אַרויס אינטימע מאָמענטן פון איר לעבן. זי טוט דאָס אָבער מיט אַ סך איידלקייט, טאַקט און צאַרטקייט, און זי דערוועקט צו זיך ביים לייענער אַ גוט סימפּאַטיש געפיל.

כאָטש חיהלע גראַבער האָט אויסגעקליבן דעם יחידישן גאַנג איז זי קיינמאָל ניט געווען עלנט און איינזאַם. אומעטום געפינען זיך מענטשן — גוטע פריינד, וואָס מאַכן לייכטער דאָס גיין, דערמוטיקן ווען עס באַפאַלן ספיקות, העלפן פאַרטרייבן דעם יאוש, און זיינען אַ מאָראַלישער אָנשפּאַר אין שווערע טעג.

אומעטום וואו חיהלע גראַבער האָט געוואַנדערט, האָט זי געפונען די דאָזיקע פריינד און שטאַרקע פעדים פאַרבינדן איר מיט זיי, ווי אַ סימבאָל פון חיהלעס שטאַרקן בונד מיט די יידישע פאָלקס-מאַסן, צו וועלכע זי טראָגט דאָס געלייטערטע יידישע וואָרט.

אַ סך בלעטלעך פון איר בוך ווידמעט זי די דאָזיקע פריינד, ברענגט אַרויס זייער גייסטיקע שיינקייט, זייערע גוטע יידישע און מענטשלעכע מידות און פאַראייביקט געשטאַלטן, מיט וועלכע דאָס יידישע לעבן איז אַמאָל אַזוי רייך געווען.

מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז עטלעכע קאַפּיטלעך אינעם בוך זיינען געווידמעט די פּראָבלעמען פון טעאַטער פאַר דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, דעם איינפלוס פון ק. ס. סטאַניסלאַווסקי אויף דער אַנטוויקלונג פון וועלט-טעאַטער א. ד. ג. קאַפּיטלעך באַלערעוודיקע, וועלכע דערנעענטערן דעם לייענער צו דער טעאַטער-פּראָבלעמאַטיק, דערמעגלעכן אַ בליק צו טאָן אין דער וועלט פון די בינע-קינסטלער, און מאַכן פאַרשטענדלעכער חיהלעס שאַפערישן וועג.

"מיין וועג אַליין" איז אַ קולטור-היסטאָרישער דאָקומענט פון יידישן שאַפערישן גייסט פאַר די לעצטע דרייסיק-פערציק יאָר. דאָס בוך איז געשריבן אין אַ פאָלקסטימלעכער שפּראַך און דריקט אויס אין רייכע געדאַנקען, אַ קוואַליקן גלויבן אין דער שליחות פונעם געשריבענעם וואָרט, ווייל:

"דאָס געשריבענע וואָרט איז דער המשך פון דער קולטור פון אַ פאָלק; דאָס ליד, דער ניגון, איז דער המשך פון גייסט פון אַ פאָלק."



שוין אין די פריע יאָרן פון איר קינדהייט, האָט חיהלע גראַבער דערפילט דעם רוף פונעם גורל, וואָס האָט איר אויסגעוויילט צו זיין די טרעגערין פון דער גרויסער שליחות אינעם פאָלק. אין איינער אַ זומער-נאַכט האָט זי געזען אַ חלום:

"איך קלעטער אויף דעם לייטערל און וואָס העכער איך גרייך אַלץ גרעסער ווערט דער לייטער; איך שטייג און דער לייטער וואַקסט און אַט בין איך שוין אַזוי הויך, אַז איך קאָן קוים זען די ערד אונטער זיך. פּלוצלינג הייבט דער לייטער זיך אָן צו וויגן און אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. איך פיל, אַז נאָך אַ רגע פאַל איך און ווער צעשמעטערט... אין דער רגע וואַקסט אויס פאַר מיר מיין פאַרשטאָרבענע באָבע און איך הער איר וואַרעם קול זאָגנדיק:

"האָב נישט קיין מורא, מיין קינד, גיי, שטייג העכער, וועסט נישט פאַלן!"

די שטים פון דער באָבען איז די שטים פון חיהלעס גורל. זי האָט געפאָלגט די דאָזיקע שטים, איז געשטיגן און האָט דערגרייכט די הייכקייטן פון קינסטלערישן שאַפן.

איר בוך "מיין וועג אַליין" איז נאָך אַ באַשטעטיקונג פון איר שאַפערישן גייסט.